# חומש־פאָלקלאָר

אַלע פאָלקסטימליכע דבורים, גלייכווערטלעך, הלצות, אַנעקדאָטען און פאָלקסטייטשען, וואָס בעציהען זיך אויפ׳ן חומש. צוזאַמענגעקליבען פון פאָלקס־מויל לויט די סדרות, סטיליזירט און קאָמענטירט דורך

## הרב ישעיה זלאטניק (ה. י. זהבי)

## חומש־פאָלקלאָר —
אַ מתנה דעם פאָלק זיין אייגען ווערק!!!

ערשטער באַנד:

# ספר בראשית

ערשטע סעריע.

וואַרשא, תרצ״ח.

# הקדמה

דער יודישער פאָלקלאָר מוז באמת, נישט אזוי צוליעב זיין כמות ווי צוליעב זיין איכות, פעררעכענט ווערען פאר דעם אריגינעלסטען און אייגענארטיגסטען אין דער וועלט-פאָלקלאָר-ליטעראטור.

דער יודישער הומאָר, וויץ און סאטירע האבען שוין פון לאנג געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון די גרעסטע וועלט-דיכטערס, דענקערס און געלערנטע און זיי קורסירען איבעראל ארום אין די העכסטע גייסט-טעמפלען.

עס גיבט אבער איין צווייג אין געביעט פון דעם יודישען פאָלקלאָר, וואס איז באמת, אָהן פראהלעריי, דער איינציגסטער פון דעם מין אין דער גאנצער וועלט-פאָלקלאָר-ליטעראטור. דאס איז די ביבעל-פאָלקלאָר, וואס ענטהאלט שפריכווערטער, רעדענסארטען אנעקדאטען און גאנץ אָפט אויך קאָמענטארען און פאלקס-טייטשען אויף די הייליגע שריפטען, וואס דאס פאלק אליין האט געשאפען.

דאס איז דאס איינציגסטע פאלקס-ווערק, אדער, בעסער געזאגט, פאלקס-קאמענטאר, וואס דאס פאלק אליין — נישט קיין יחידים — האט מחבר געווען אויפן תנ"ך און דערפאר איז זיין ווערט ממש נישט אבצושאצען, ווייל עס האט נאך זיך קיין נאכאהמונג נישט אין דער וועלט-ליטעראטור.

מיין יעצטיגע ארבייט, דער „חומש-פאלקלאָר", וואס איז צוזאמגעשטעלט און איינגעטיילט לויט די סדרות פון דער תורה, איז, דוכט זיך, די ערשטע התחלה איבערצוגעבען אין שריפט דעם פאלק זיין אייגען ווערק. איך וויל נאך דא בעמערקען, אז בנוגע די גלייכווערטלעך, אנעקדאטען און תורות פון חומש-פאלקלאר,

וואס ווערען נאכדערצעהלט פון יחידים-גדולים, האב איך גע-ברענגט פון זיי נאר די, וואס זענען שוין שטארק פּאָפּולאריזירט און פערפאלקסטימליכט און אזוי ארום געווארען פאלקס-אייגענטום.

זעהר מערקווירדיג איז אויך דער פאקט, וואס צו א סך פאלקסטימליכע קאמענטארען און פאלקס טייטשען האב איך גע-פונען מקורות אין די עלטסטע ספרים אונזערע און די דאזיגע קוועלען האב איך אנגעצייכענט ביי יעדען בעטרעפענדען פאלקס טייטש.

דאס גאנצע מאטעריאל האב איך אין גרעסטען טייל גע-שעפּט און געזאמעלט אין פערלויף פון א סך יאהרען דירעקט פון פאלקס-מויל אין די קאמפּאקטע יודישע ישובים פון פוילען, רוסלאנד, ליטא, רומעניען, בעהמען און דייטשלאנד.

אז דער אינטערעס צו דער יודישער פאלקסטימליכקייט ביי אונזער פאלק איז איצט זעהר שטארק — האט מיך איבער-צייגט דער פאקט, וואס מיינע פריהערדיגע פאלקלאר-ביכער: „לעקסיקאן פון יודישע חכמות“ און „ימים-טובים-פאלקלאר“ זע-נען טראץ דעם הערשענדען ביכער-קריזיס אין אַ זעהר קורצער צייט אויספערקויפט געווארען פון ביכער-מארק און זאגאר ער-שינען אין אַ צווייטער אויפלאגע. דאס בעווייזט, אז ס'איז איצט אַ שעת-הכושר צו זאמלען די ריזיגע אוצרות פון יודישער פאלקסטימליכקייט, וואס ליגען פערוואָרפען און צערשאטען אומעטום.

צום לעצט מוז איך קאנסטאטירען אַ טרויעריגען פאקט, דאס פיעל מאטעריאל פון מיין „חומש-פאלקלאר“ איז ארויס-גע'גנב'עט געווארען פון איהם נאך איידער ר'איז ערשינען אין בוך-פארם (פריהער איז מיין „חומש-פאלקלאר“ פערעפענטליכט געוועזען ארטיקעלווייז אין די גרעסטע יודישע צייטונגען פון פוי-לען און אמעריקא) דורך פערשיעדענע שרייבערס, תורה-ווערט-לעך-זאמלערס און קאלענדארען-ארויסגעבערס, נישט אויפגעבענ-דיג דערביי דעם מקור פונוואנען זיי האבען עס גענומען. דאס

איז פלאגיאט פון ערגסטען מין און פערלעצונג פון אויטארען-רעכט, וואס דארף דורך דער געזעלשאפט אמשארפסטען געטא-דעלט ווערען.

א גרעסערע וויסענשאפטליכע אבהאנדלונג וועגען „חומש-פאלקלאר" וועט קומען אין אנהויב פון דער צווייטער זאמלונג.

**דער מחבר.**



# פרשת בראשית.

## דאָס ערשטע איז דאָס געזונד.

„בראשית ברא״ (א׳, א׳). טייטשען יודען אזוי:
דאס ערשטע איז דאס געזונד („ברא״ ווערט דאָ אויסגע־טייטשט אין זין פון „בריא״ — געזונד).

## מיט אַ פרוי טאָר מען נישט אָנהויבען.

ויברא אלקים את האדם (א׳, כ״ז).
פארוואָס האט גאָט נישט בעשאפען חוה׳ן פאר אדמ׳ען?
— ווייל מיט א פרוי טאר מען נישט אנהויבען...

## דער גאָלדענער מיטען.

ועץ החיים בתוך הגן. (ב׳, ט׳).
דער רמב״ם אין זיינע „שמונה פרקים״, ווי אויך אין „יד החזקה״ (הלכות דעות פ״א), לערנט אונז, אז א מענש דארף זיך שטענדיג דערווייטערן פון אלע עקסטרעמען און געהן נאר אין מיטעלוועג. א סימן, זאגט ער, עס שטעהט: „ועץ החיים בתוך הגן״ — אין מיטען פון גארטען געפינט זיך דער לעבענס-בוים.

## ווי אַזוי אדם האט געגעבען נעמען.

„ויקרא האדם שמות״ (ב׳, כ׳).
אדמ׳ען האט אנומעלט אנ׳אינזעקט א ביס געטהון, האט ער זיך צעבייזערט און געפרעגט: ווער איז דאס דער העזה׳ניק, וואס האט געוואגט מיך צו בייסען? האט מען איהם אנגעוויזען—כ׳בעט אייך איבער — אויף א כינה, דהאט ער עס אבער אויף איהר

נישט געוואלט גלויבען און געזאגט אויף העברעאיש (אדם האט גערעדט לשון-קודש): „ל״א זו״ (נישט זי). פון דאנען שטאמט טאקי איהר שענער נאמען... האט מען איהם דערנאך געוויזען א „פרעוש״ — האט ער געזאגט: „אף ל״א״ (אויך דאס נישט!). דערפאר רופט מען פון דאמאלט אן דעם „פרעוש״ „א פלוי״. צום סוף האט מען איהם געוויזען א „יתוש״ האט ער אויסגערופען „כמראה״ (אזוי האט ער טאקע אויסגעזעהן!) הייסט דעריבער דער „יתוש״ — „קאמאר״...

(א פאלקס-דרש).

# נא דיר די אכילה און טשעפע דיך אב!

ויאמר ד׳ אל הנחש... ועפר תאכל כל ימי חייך.—(ב׳, י״ד).

די וועלט פרעגט, וואס פאר א קללה איז דאס? אדרבה, עס זעהט דאך גאר אויס ווי א ברכה, ווייל ערד צו קייען איז דאך אומעטום דא גענוג, און אזוי-ארום וועט דער נחש קיינמאל נישט האבען קיין דאגת פרנסה?

א פאלקס-תורה פערענטפערט די קשיא אזוי:

דער מדרש זאגט אויף דעם פסוק: „הכפירים שואגים לטרף ולבקש מאל אכלם״ — גאט מאכט אומישנע הונגערען די צדיקים, כדי, זיי זאלען זיך מוזען ווענדען צו איהם מיט זייערע תפילות און אזוי-ארום וועלען זיי זיך בעהעפטען מיט דער שכינה. דעם שלאנג אבער האט גאט אזוי פיינד בעקומען, אז ער האט נישט געוואלט מעהר זיין טריפה׳נעם פנים אנקוקען, האט ער דערפאר געזאגט צו איהם:

—נא דיר די אכילה און טשעפע זיך אב פון מיר אויף אייביג!

# פארוואס גיט דער מאן פרנסה דעם ווייב?

ותתן גם לאישה ויאכל (ג׳, ו׳)

פארוואס איז דער סדר-עולם, אז דער מאן מוז מפרנס-זיין

זיין ווייב און נישט פערקעהרט?

— ווייל איינמאל האט שוין ד'זוה געפרובט צו שפייזען איהר מאן, ד'האט נאך ביז ה'יינט דערפון די גאנצע וועלט צו זינגען און צו זאגען...

## א חסידישער דרש.

ויתפרו עלה ת'אנה (ג׳, ז׳).

פרעגן חסידים: פאר וואס האט אדם זיך געמאכט א גארטעל גראד פון פייגען-בלעטלעך?

— ווייל א יוד, קוים געהט ער אין א גארטעל, קאן ער ווייזען דעם יצר-ה'רע א פייג...

## פוילישע און ליטוואקעס.

ארורה האדמה בעבורך. — (ג׳ י״ז).

דער פוילישער יוד זאגט אלס שטאך-ווערטעל צום ליטוואק: איהר, ליטוואקעס, זענט אלע פערשאלטענע ברואים, ווייל „ארורה האדמה״ טייטשט אונקלוס: „ליטא ארעא״ (דאס לאנד ליטא)...

און איהר פוילישע — ענטפערט אב דער ליטוואק — זענט אלע פינסטער און פערגרעבט, דען אזוי שטעהט דאך אין דער גמרא (שבת): אין פולין לאור הנר (ס׳איז נישט ליכטיג אין פוילען)...

## א בפירושער פסוק...

ואל אישך תשוקתך והוא ימשול בך. — (ג׳, ט״ז)

א פרוי אנ׳אשת-חיל, וואס „געהט אין די הויזען״, האט זיך אמאל צעבייזערט אויפ׳ן מאן און איהם אריינגעווארפען א פאר געזונדע פעטש. דער מאן, א בטלן, ד'האט זיך אבגעווישט די באק און געזאגט:

— אשד'ה! זאלסט אפילו פאטשען א גאנצען טאג, וועסטו אלץ נישט אויספיהרען. עס שטעהט פארט אין פסוק: „והוא ימשול בך״, דער מאן, וועט געוועלטיגען איבער דיר! איינמאל

אנגעשריבען און בערפאלען לעולם ועד!...

## קין און הבל.

„ותהר ותלד את קין" (ד׳, א׳).

די וועלט זאגט: „קייען (קין) איז נישט הבל", ד. ה. פרנסה איז נישט קיין לייכטע זאך.

## די אמת׳ע סיבה.

„והאדם ידע את חוה אשתו" (ד׳, א׳).

פארוואס האט אדם פאר זיין פערטריבען-ווערען פון גן-עדן נישט געוואלט מיט זיין חוה׳ן לעבען און האבען קינדער?

— ווייל איידער אדם האט זיך געהאט פערזינדיגט מיט׳ן עץ-הדעת, האט ער זיך דאך געריכט צו לעבען אייביג, טא צו וואס איילען זיך מיט׳ן קינדלען? ער וועט דאס קיינמאל נישט פערשפעטיגען...

ערשט, ווען ס׳איז אויף איהם נגזר געווארען מיתה, האט ער גענומען וואוינען מיט חוה׳ן...

(א פאלקס-תורה, געהערט אין רומעניען; אינטערעסאנט, אז זי געפינט זיך שוין אין א זעהר אלטען פירוש אויף תורה מיט׳ן נאמען „הגן" פון די בעלי-התוספות).



# פרשת נח.

## ראשי־תיבות פון „חמס״

ותשחת הארץ... ותמלא חמס. (ו׳ י״א).

„חמס״ איז די ראשי תיבות (איניציאַלען) פון: חומש, מחזור, סידור.

דער פסוק איז דא מרמז, אז דעמאלט, ווען עס וועט זיך אריינכאפּען צו יודען עם־ארצות, עס וועלען נישט זיין מעהר די גרויסע תלמידי חכמים, וואס וועלען זיך פאַרטיפען אין תלמיד און פוסקים, און די איינציגע ספרים, וואס איהר וועט קאנען געפינען אין אַ יודיש הויז, וועלען זיין דער חומש, מחזור, סידור, דעמאלט זאלט איהר וויסען, אז „ותשחת הארץ״ — אז יודען זענען פערדארבען און פערגרעבט... („עקידת יצחק״ פון ר׳ יצחק עראמא)

## ווי צו גאָט — אַזוי צו לייט

ותשחת הארץ לפני אלקים ותמלא הארץ חמס.

פון דעם פסוק איז געדרונגען, אז קוים איז מען נישט פרום און מען היט נישט אָב די מצוות „שבין אדם למקום״ איז מען שוין ממילא אויך נישט גוט און עהרליך און מען איז דעמאלט עובר אויך אויף די מצוות „שבין אדם לחברו״, אזוי ווי עס שטעהט דא: „ותשחת הארץ לפני אלקים״ — קוים האט דער דור־המבול פערלוירען די מורא פאר גאט, איז באלד געווארען „ותמלא הארץ חמס״ — ס׳איז געווארען אַ וועלט פון גאלע רויבער...

## א יוד אַ בעל־הסברה

כי השחית כל בשר את דרכו על הארץ (ו׳, י״ב).

אין חדר לערנט א מלמד מיט זיינע תלמידים די רש״י אויפ׳ן פסוק „כי השחית כל בשר את דרכו״. רש״י טייטשט דארט: אפילו בהמה, חיה ועוף נזקקין לשאינן מינן. כאפט זיך ארויס איין תלמיד און פרעגט: — רבי, וואס הייסט „נזקקין לשאינן מינן״? דער מלמד, דענערווירט פון דער פלוצלינגדיגער פראגע, פערקלערט זיך א ווײלע און ענטפערט: למשל, א פלוי האט חתונה מיט א העלפאנט...

## ווען אַן עם־הארץ רעדט לשון־קודש

״קץ כל בשר בא לפני״ (ו׳, י״ג)

א יוד א שטיק עם הארץ, וואס איז געשטאנען ביי זיך אין דער היים און געדאווענט, האט דערזעהען ווי די קאץ גריזשעט דאס פלייש אויפ׳ן זאלץ־ברעטעל, נישט וועלענדיג מפסיק זיין און איבעררעדען אין מיטען דאווענען, שרייט ער צו די בני בית אויף לשון־קודש: קץ כל בשר! דאס האט געזאלט הייסען: די קאץ עסט אויף דאס פלייש. דאס דאזיגע לשון־קודש־רעדען האט אבער צופעליג געהערט דער משכיל פון שטאדט, א גרויסער לץ, און ער האט גלייך צוריקגעשריגען צום בעל־הבית: קצתי בחיי! א קאץ ברויך דען נישט צו לעבען?...

## נח איז געשטארבען אין שושן־פורים

„כי אותך ראיתי צדיק לפני בדור הזה״. (ז׳, א׳)

דער זידישעווער רבי האט אין שושן־פורים קיינמאהל נישט געמאכט קיין סעודה. איינמאהל קומט צו איהם אריין א חסיד אן עם־הארץ און פרעגט: — רבי, צו איז נח געווען א צדיק אדער נישט?

— וואס פרעגסטו?! — ענטפערט איהם דער רבי, — דער פסוק זאגט דאך בפירוש: כי אותך ראיתי צדיק לפני!

— אויב אזוי, — פרעגט ווייטער דער חסיד, — פארוואס מאכט עפעס נישט דער רבי אין שושן פורים קיין סעודה. עס שטעהט דאך אין דער מגילה: ונוח בחמשה-עשר בו — נח הצדיק איז געשטארבען אין חמשה-עשר באדר?...

פון דעמאלט אן האט דער רבי אנגעהויבען פראווען אויך אין שושן פורים א סעודה...

## ווען האט נאר איין האן געקרעהט?

„והמבול היה" (ז' ו').

ווען האט די גאנצע וועלט געהערט דאס קרעהען פון איין האן?

— בעת דעם מבול אין נח'ס תיבה.

## ווען א בעל-עבירה דאווענט

„והמבול היה".

שמיני-עצרת, ווי נאר דער חזן האט זיך געשטעלט צו מוסף דאווענען „גשם", האט באלד גענומען גיסען א שלאגס-רעגען. דער חזן, וועלכער האט געהאט א שם פאר א בעל-עבירה, האט נאכ'ן אבדאווענען זיך בערימט פאר'ן רב, אז ער איז, קענטיג, א חשוב אין הימעל.

דער רב, א פקח, האט איהם אויפ'ן ארט געענטפערט: וואס איז דער חידוש? אזעלכע יודען ווי איהר האבען שוין אמאל נישט בלויז א רעגען נאר אויך א מבול געברענגט אויף דער וועלט...

## די טויב איז געווען א זכר

„ותבא אליו היונה לעת ערב" — (ח', י"א).

רש"י זאגט דערויף: „אומר אני שזכר היה". ד. ה., איך זאג, ס'איז געווען א זכר... פרעגט די וועלט: פון וואנען דרינגט דאס רש"י ארויס, אז די טויב איז געווען א זכר און נישט קיין נקבה? איז דער תירוץ: עס שטעהט דאך ווייטער: „והנה עלה זית

טרף בפיה" — די טויב האט געהאלטען אין מויל א בלאט פון אנ'איילבוים. היינט-זשע צי וואלט א נקבה געקאנט אזוי לאנג האלטען דאס מויל פערמאכט און נישט ארויסלאזען דאס בלאט פון מויל?... אלא מוז דאך טאקע זיין, אז די יונה איז געווען א זכר!

## דער טייטש פון א חדר-יונגעל

צא מן התיבה אתה ובניך ואשתך... (ה', ט"ז).

א מלמד לערנט מיט א יונגעל: „צא מן התיבה — געה ארויס פון קא... קא... דאס יונגעל געדענקט שוין אבער נישט דעם טייטש פון ווארט „התיבה" און טרעפט צו פערענדיגען: א קאטשקע. ווערט דער מלמד בייז און צעשרייט זיך אויפ'ן תלמיד: א קלאג זאל איך נאך דיר האבען! זאג, גראבער יונג: התיבה — א קא... קא... דאס יונגעל טרעפט ווידער דערנעבען און זאגט: א קאמער! ביים מלמד פלאצט דאס געדולד און ער גיט דעם יונגעל א שארפע קללה:

— אין דער ערד זאלסט געהן! — דאס יונגעל, מיינענדיג, אז דאס איז דער ריכטיגער טייטש פון ווארט „התיבה", פערענדיגט:

— אין דער ערד זאלסטו געהן, אתה — דו, ואשתך — און דיין ווייב, ובניך — און דיינע קינדער, אתך — מיט דיר...

## פארוואס פונקט ווי חם?

„אלה תולדות בני נח: שם, חם ויפת. (י' א').

דער בעקאנטער סלאנימער רב, ר' אייזעל חריף, איז אמאל ארומגעגאנגען אין סלאנים זאמלען נדבות אויף א דבר-מצוה. איז ער אריינגעקומען צו א גביר, וועלכער האט געשמ'ט אין שטאדט אלס גרויסער קמצן. זאגט דער גביר: — רבי, צו וואס האט איהר אייך בחינם מטריח געווען צו קומען צו מיר? ווייסט איהר דען נישט, אז איך בין א בן-נח (ער האט געמיינט די בעקאנטע תלמודישע שטעלע: „בן נח נהרג על פחות משוה פרוטה" — א בן-נח ווערט גע'הרג'עט פאר א גראשען)

—יא, איך ווייס, אז איהר זענט אַ בן-נח, — ענטפערט ר׳ אייזיל, — נאר איין זאך וואונדערט מיך שטענדיג אויף אייך: נח האט דאך געהאַט דריי זיהן, טא פארוואס האט איהר זיך גראד אויסגעקליבען צו זיין פונקט ווי דער מיטעלסטער: ווי חם (חאַם) ?...



# פרשת לך-לך

## בעסער „לך-לך״ ווי „שלח-לך״

ל״ך-לך... (י״ב, א׳)

„לך-לך״ איז בעסער ווי א „שלח-לך״ (א שפריכוואָרט).

— דער זין פון שפריכוואָרט איז: בעסער, אז מען גייט אליין, איידער מען הייסט יענעם גיין. דאס איז אויך צוגע־פאסט צום בעקאנטען תלמודישען ווערטעל: כל מה שיאמר לך בעל-הבית — עשה, חוץ מצא — (פסחים פ״ז).

ה׳ יהודה עלזעט אין זיין „דאוונען״ (ז. 40) מיינט, אז דער זין פון שפריכוואָרט איז: בעסער מען געהט זיך אליין, איי־דער זיך פערלאָזען אויף שליחים.

מעגליך איז אויך, אז די כונה פון שפריכוואָרט איז גאָר אָט דאָס, אז אברהם אבינו, צו וועמען ס׳איז געזאָגט געוואָרען: „לך-לך״, האָט בעסער אויסגעפיהרט פון די מרגלים, אויף וועלכע ס׳איז געזאָגט געוואָרען: „שלח לך״ (זעה במדבר, אין פירוש רש״י).

## לך-לך — געה בייגאכט אין חדר!

ל״ך-לך...

„לך-לך — געה ביינאכט אין חדר״ (א פאָלקס-ווערטעל).

דאָס שפריכוואָרט בעציהט זיך אויפ׳ן מנהג, וואָס די יודישע קינדער האָבען אָן אין ווינטער לערנען ביינאכט פון פרשת לך-לך ביז פרשת תרומה. (אויף דעם בעציהט זיך ווייטער דאָס שפריכוואָרט: „תרומה—שייד זיך אָב פון חדר און

געה א היים).

## א פסוק פון אבן-עזרא

„ואברם בן חמש שנים ושבעים שנה בצאתו מחרן״... (י״ב, ד׳).

דער אבן-עזרא, וועלכער האָט געלעבט 75 יאָהר האָט פאר׳ן אויסהויכען זיין גרויסע נשמה געזאָגט אויף זיך דעם פסוק: ואברהם בן חמש שנים ושבעים שנה בצאתו מחרון-אף העולם, ד. ה. ווען ער איז ארויס פון דער וועלט׳ס „חרון-אף״ (פערדרוס, רוגזא).

## פריהער עסט מען דאָס איי

„בית-אל מים והעי מקדם (י״ב, ח׳).

א משכיל, א קל במצוות, וואס האט געפלעגט אבלאַכען פון רבנים און יודישקייט, איז אמאל געקומען צו א רב און גע-פרעגט איהם אזא שאלה:

— רבי, ווען איך האב פאר זיך צו עסען א קיכעל און אנ׳איי, איבער וועלכעס זאל איך פריהער מאכען א ברכה?

— שעמען מעגסטו זיך, דו בעל-תנ״ך איינער, — האט איהם געענטפערט דער קלוגער רב, — עס שטעהט דאך א בפי-רוש׳ער פסוק אין חומש: והעי מקדם — דאס איי ברויך מען פריהער צו עסען!...

## שרה-בתבת — שרה אין קאסטען...

„ויהי כבוא אברם מצרימה״ (י״ב, ד׳).

רש״י שרייבט: היה לו לומר „כבואם מצרימה״? ד. ה. ביידע אי אברהם, אי שרה זענען געקומען — פארוואס זשע שטעהט בלויז „כבוא אברם״? נאר וואס זשע דען? אברהם האט בעהאל-טען שרה׳ן אין א קאסטען און זי אזוי ארייננעבראכט.

פרעגט די וועלט: — פון וואנען נעמט עס רש״י, אז

אברהם האט אריינגעפיהרט זיין ווייב שרה קיין מצרים אין א תיבה, א קאסטען?

די וועלט ענטפערט: — רש"י שטיצט זיך אויפ'ן תענירת „שרה בתיבת" (עשרה בטבת) — שרה אין קאסטען...

## א שכור זוכט וואו מען קריגט בראנפען

„ויבחר לו לוט את כל ככר הירדן" (י"ג, י"א).

— פארוואס האט זיך עפעס לוט אויסגעקליבען צו בעזעצען זיך דווקא אין ככר הירדן?

— ווייל לוט'ן דעם שכור איז געפעלען געווארען דער ככר הירדן, וואס איז געוועזן ווי עס שטעהט אין פסוק (בראשית י"ג, י'): „כולה משקה" — פול מיט משקה, בראנפען...

## א קשיא פון חומש אויפ'ן סידור

„עשו מלחמה את ברע מלך סדום" (י"ד, ב').

א פאלקס-קשיא: פארוואס לויט'ן חומש האט דער מלך פון סדום געהייסען: „ברע", בעת דער סידור רופט איהם גאר אן: „רובע", אזוי ווי עס שטעהט אין די „קרבנות": „מלח סדומית רובע"?...

ענטפערט דאס פאלק: געהייסען האט ער טאקע „ברע", נאר, ווען סדום איז איבערגעקעהרט געווארען, האט זיך אויך דאן דער נאמען פון מלך סדום איבערגעקעהרט פון „ברע" אויף „רובע"!...

## בשר-עוף איז קיין פלייש בישט

„ואת הצפור לא בתר". (ט"ו, י"א)

איינער האט אמאל געטייטשט: „ואת הצפור לא בתר" — דאס פלייש פון אנ'עוף הייסט נישט קיין בשר (בתר). דער זעל-בער למדן האט אויך פון דאנען געברענגט א ראיה צום תנא ר' יוסי הגלילי, וועלכער האלט אין גמרא חולין, דאס מען מעג

עסען „בשר עוף בחלב". ווייל „בשר-עוף" הייסט נישט בשר — ס'איז קיין פלייש נישט...

## פון פרא-אדם ווערט א פרה אדומה

„והוא יהיה פרא אדם" (ט"ז, י"ב).

א תלמיד פרעגט זיין רבין: אויב אויף א זכר זאגט מען „פרא אדם", טא ווי וועט דער אויסדרוק קומען ביי א נקבה?

— פרה אדומה! — ענטפערט דער רבי — ווייל ביי א נקבה ענדיגט זיך שטענדיג דער שם מיט א ה"א...

## אז דער מאן איז א רב — איז דאס ווייב א רביצין

„לא תקרא את שמה שרי" (י"ז, ט"ו).

פרעגט די וועלט: פארוואס פריהער (אין פסוק ה'), בשעת גאט האט געזאגט צו אברהמ'ען: „ולא יקרא עוד את שמך אברם", ווערט דארט באלד אויפ'ן ארט מאטיווירט, פארוואס דער נאמען „אברם" ווערט געענדערט אויף „אברהם": „כי אב המון גויים נתתיך". דאגעגען דא ביי שרה'ן, שטעהט גאר נישט אין חומש קיין טעם, פארוואס דער נאמען „שרי" איז געענדערט געווארען אויף „שרה"?

דער תירוץ איז, אז צו שרה'ס פערענדערטען נאמען ברויך דער פסוק נישט צוגעבען קיין טעם, ווייל דאס איז דאך זעלבסטפערשטענדליך, אז ווען דער מאן איז א רב, — איז שוין ממילא דאס ווייב א רביצין...

(א פאלקס-פשט'ל. אינטערעסאנט, אז דאס שטעהט שוין אין ספר „אגרת הטיול" פון דעם מהר"ל'ס א ברודער).



# פרשת וירא

## א פאָלקס-מדרש.

„וירא... באלוני ממרא" (י"ח, א').

אברהם האט געהאט דריי פריינד: ענר, אשכול און ממרא. האט זיי אברהם געפרעגט, צי ער זאל זיך מל זיין. ענר האט געענטפערט:

— „עי! נישט ריהר"! (דאס זענען די ראשי-תיבות אין אנפאנגס-ווערטער פון: „ע נ ר"). דערפאר האט איהם אברהם גערופען: ענר.

אשכול האט געזאגט: — „אלטער שוטה, קאנסט וועהטאג ליידען"? (ראשי-תיבות פון „אשכול") — און דערפאר הייסט ער אשכול. נאר איין „ממרא" האט גע׳עצה׳ט אברהמ׳ן: — „מאך מילה, ר' אברהם" (די אנפאנגס-ווערטער פון „ממרא"). האט איהם אברהם גערופען דערפאר „ממרא". (א פאלקס-מדרש, וואס איז געשטיצט אויף פירוש רש"י און מדרש תנחומא).

## פּאַרצייטישע גבירים.

„ואקחה פת לחם" (י"ח, ה').

דא זעהט מען דעם גרויסען אונטערשיד פון פארצייטישע ביז היינטיגע גבירים. פארצייטענס, ווען אפילו א מלאך איז געקומען אלס אורח צו א בעל-הבית, האט דער לעצטער בע-צויגען זיך צו איהם ווי צו א מענש און איהם מאכיל-ומשקה געווען. א היינטיגער גביר אבער האלט יעדען אורח פאר א מלאך און גיט איהם צו עסען קדחת אין א קליין טעפעל...

## א סכנה צו שניידען...

בן בקר רך וטוב (י״ח, ז׳).

רש״י שרייבט. ג׳ פרים היו כדי להאכילן שלש לשונות.

פרעגט די וועלט דערויף: נאכוואס האט אברהם געדארפט קוילענען דערויף אזש דריי אקסען? ער האט דאך געקענט נעמען איין צונג און צעשניידען אויף דריי שטיקער?

דער תירוץ איז: איבער דעם וועהטאג, וואס אברהם האט זיך אנגעליטען פון דער מילה, האט ער שוין פערזאגט דעם צעהנטען מעהר נישט צו שניידען...

## אן׳עקרה דארף לאכען.

„ותצחק שרה״ (י״ח, י״ב).

פאר אן׳עקרה איז א סגולה צו לאכען און פרעהליך צו זיין. א ראיה דערצו איז דא פון דער תורה, פון די נביאים און פון די כתובים. מן התורה ווייל עס שטעהט: „ותצחק שרה בקרבה״; מן הנביאים — ווייל עס שטעהט: „רני עקרה לא ילדה״; מן הכתובים — עס שטעהט: „אם הבנים שמחה״...

(ר׳ פנחס׳ל קארעצער)

## בן, צי ווייץ?

„ולשרה בן״ (י״ח, י״ד).

דער גאון ר׳ יונתן אייבעשיץ איז אין זיין יוגענד געווען א גרויסער שטיפער. איינמאהל, ווען זיין מוטער האט דערלאנגט מיטאג-צייט צו טיש דעם פולמיסעק פלייש, האט זיין שוועסטערל, שרה, געכאפט פון דער שיסעל א פעטען מארך-ביין אויף אויסצוזאגען.

— וואט כאפסטו עפעס אליין א ביין? — האט זיך אויף איהר צעבייזערט דער קליינער יונתן.

— א ביין קומט מיר! — האט געענטפערט דאס שוועסטערל, ווייל עס שטעהט אין חומש: ולשרה בן!...

איהר שטיפערישער ברודער האט איהר דערלאנגט דערויף א פאטש אין באק און געזאגט:

— נישט „בן" שטעהט דארטען, נאר בן! האסטו געכאפט אין באק, טא וויין (בן)!...

## ווען א סדום'ער פרעגט.

„ויאמרו האחד בא לגור וישפוט שפוט" (י"ט, ט')

די וועלט פרעגט: וואס איז דאס פאר א קשיא, אין סדום איז דאך אלץ געווען פערקעהרט, טא דארף דאך טאקע אזוי זיין, אז דער גר, דער פרעמדער, זאל האבען מעהר דעה ווי דער תושב, דער אלטגעזעסענער?

דער ראדזינער רבי, ר' גרשון העניך, האט פערענטפערט די דאזיגע פאלקס-קשיא אויף א שארפזיניגען אופן:

— אזוי ווי דער פרעגער איז דאך אויך געווען א סדום'ער האט ער טאקע געפרעגט פערקעהרט...

## א קלוגער חתן

„ויתמהמה" (י"ט, ט"ז).

א מחותן האט צוגעזאגט זיין חתן, א שארף גמרא-קעפעל, צו שיקען איהם אלס מתנה א גאלדען זייגערל מיט א קייט. עס איז אבער פארבייגעגאנגען א לענגערע צייט און דער מחותן האט זיין הבטחה נישט מקיים געווען. דער חתן האט איהם געשריבען א בריף, אין וועלכען עס איז געשטאנען אזא מליצה: — געדענקט, מחותן, אז אויפ'ן ווארט „ויתמהמה" אין חומש שטעהט דער טראפ (נגינה, אקצענט) „שלשלת"... („ויתמהמה" בעדייט אויף העבראאיש: ער האט זיך פערזוימט; שלשלת — א קייט...)

## פאַרוואָס איז לוט געוואָרען אַ שיכּור.

„ותהי נציב מלח" (י"ט, כ"ו).

— פאַרוואָס האָט עס לוט'ן אַזוי שטאַרק געצויגען צום טרונק?

— ווייל ער האָט געהאַט אַ ווייב אַ שטיק זאַלץ!... (אַ פאָלקס-וואָרט).

## פאַרוואָס מ'דאַרף אָבגעבען דאַמען-עהרע?

„הן שכבתי אמש" (י"ט, ל"ד).

צוליב דריי טעמים דאַרף מען די פרויען אָבגעבען דאַמען-עה-רע: ערשטענס, ווייל ביי פרויען איז פאַרהאַן אמת, אַזוי ווי עס שטעהט: הן שכבתי אמש (אמת—אמש); צווייטענס, ווייל פרויען האָבען שכל, ווי עס שטעהט: ובת כהן כי תחל (שכל) לזנות; דריטענס, ווייל ביי זיי איז דאָ מעהר יושר ווי ביי מענער, ווי די גמרא זאָגט: יותר (יושר) ממה שאיש רוצה לישא, אשה רוצה להנשא... (הומאָריסטישער פאָלקס-מדרש).

## מיט אַ נאַר הויבט מען נישט אָן.

„אל תשלח ידך אל הנער" (כ"ב, י"ב).

פון דאנען איז געדרונגען, אז מיט א נאַר טאָר מען נישט האָבען קיין מגע-ומשא...

* * *

„ויאמר אל תשלח ידך אל הנער".

די וועלט פרעגט אַ קשיא: — פאַרוואָס בעת'ן פיהרען יצחק'ן צו דער עקידה האָט גאָט אַליין זיך געווענדעט צו אברהמ'ן און געזאָגט: „קח נא את בנך את יחידך", דאגעגען ביים אָב-האַלטען פון צו ברענגען יצחק'ן אויף דער עקידה, האָט עס שוין גאָט געטהון דורך אַ מלאך, ווי עס שטעהט: „ויקרא אליו

מלאך ה״ז

דאס פאָלק ענטפערט: — דאס איז א לעהרע, אז אויף צו הרג׳ענען א מענש, טאָר א יוד נישט האָרכען אפילו א מלאך; דאגעגען אויף אָבהאלטען זיך פון שלעכטס צו טהון ווען — זאָל א מענש האָרכען יעדען איינציגען.

לויט אנ׳אנדער נוסח איז דער פאָלקס-פשט אזוי: דערפאר האט גאָט אליין געמוזט זאגען אברהמ׳ען, ער זאל ברענגען יצחק׳ן אויף דער עקידה, ווייל א מלאך וואלט איהם געענט-פערט: ווילסט קוילענען א יוד — טאָ זאָג אליין!

(מערקווירדיג, אז דער ערשטער תירוץ געפונט זיך שוין אין ספר „אגרת הטיול״).



# פרשת חיי שרה

## ק׳ אָדער כ׳ — קיין חילוק נישט

„ויהיו חיי שרה מאה שנה ועשרים שנה" (כ"ג, א׳).
רש"י זאָגט דערויף: בת ק׳ כבת כ׳ לחטא.

א געוויסער חסידישער רבי, נישט קיין איבעריגער למדן, האט געָ׳רודפ׳ט דעם רב פון זיין שטאדט, ר׳ קלמן. איינמאהל האט דער רבי ביים טיש געזאגט אזא תורה: וואס דער היגער רב איז, בעווייזט זיין נאמען „קלמן", וואס מאכט אויך ראשי-תיבות: כזבנו, לצנו, מרדנו, נאצנו.

איין חסיד האט געוואגט א פרעג צו טהון: — רבי, קלמן איז דאך מיט א קוף און כזבנו — מיט א כף?

דער רבי האט א דערבייזערטער געענטפערט:

— גראבער יונג! האסטו נישט געזעהען, וואס רש"י זאגט: בת ק׳ כבת כ׳ לחטא?!...

## דער טייטש איז אויך געשטארבען

„ותמת שרה" (כ"ג, ב׳).

אנ׳אלטמאדישער מלמד האט פערטייטשט פאר זיינע תל-מידים א שטיקעל חומש:

— ותמת — איז געשטארבען. ווער איז געשטארבען? דאס הייסט: שרה איז געשטארבען.

— רבי! — פרעגט איינער פון די קליינע תלמידים, וואס איז געווארען אינגאנצען צערדרעהט פון דעם רבינ׳ס פערטיי-

טשונג — דער „ותמת״ איז געשטאָרבען; דער „ווער״ איז געשטארבען; דער „דאס ד׳הייסט״ איז געשטארבען, און שרה איז אויך געשטארבען?... אלע מיט אמאל זענען געשטארבען?

— חמור׳שער קאפ! — צעשרייט זיך דער מלמד. — „ותמת״ איז דער טייטש געשטארבען!

— אזוי גאר? — פרעגט ווייטער א צעטומעלטער דער תל־מיד. — דער „טייטש״ איז אויך געשטארבען?!...

## א מלמד א בעל־דקדוק

„שמענו״ (כ״ג, ה׳).

א מלמד, וועלענדיג שילדערען פאר זיינע תלמידים די קאמפליצירטקייט פון דקדוק, האט עס דערקלערט בזה הלשון:

— אט ד׳הערט ווי שווער דקדוק איז! „שמע״ איז, כידוע, דער טייטש: הער; — שמענו — איז שוין: הער אונז; און „ישמעאל״ ווערט גאר פלוצים א טערק...

## אן אברהם בוקט זיך פאר אן עם־הארץ

„וישתחו אברהם לפני עם־הארץ״ (כ״ג, י״א).

דער בוטשאטשער רב, דער בעוואוסטער גאון ר׳ אברהם דוד, איז אמאל געווען א מוהל אויף א ברית, וואו דער סנדק איז געווען א געוויסער גביר, א יוד אן עם־הארץ. נאכדעם ווי דער סנדק האט געכאפט א פאר איבעריגע כוסות יי״ש, רופט ער זיך אב צום רב:

— זעהט נאר, רבי, ווי גרויס איך בין, אז אידהר אליין האט זיך געמוזט איינבויגען פאר מיר. (ווי בעוואוסט זיצט דער סנדק בעת דעם ברית און האלט דעם „רך־הנימול״, איבער וועלכען דער מוהל שטעהט איינגעבויגען און טהוט זיין ארבייט).

דער רב האט איהם געענטפערט:

— צי געדענקט איהר נישט, וואס עס שטעהט אין חומש: „וישתחו אברהם לפני עם-הארץ״?...

## דער ערשטער חברה-קדישא-מאן

„וישקול אברהם לעפרון״ (כ״ג, ט״ז).

רש״י זאגט: „לעפרון חסר „ויו״. — אין דעם נאמען עפרן פעהלט א וואו נאכ׳ן ריש.

א קלוגער רב האט אמאל דערויף געזאגט: אט פון דאנען קאן מען זעהן, ווי גרויס עס איז דער אונטערשיד פון דער אמאליגער וועלט און דער היינטיגער: עפרון איז דאך, כידוע, געווען דער ערשטער חברא-קדישא-מאן, מיט וועמען אברהם האט אונטערגעהאנדעלט ווענן מקבר זיין שרה׳ן, זאגט אויף איהם רש״י: עפרן חסר... און א היינטיגער חברה-קדישא-מאן איז תמיד „מלא״ (ד. ה. שכור).

## א ווייב על-פי פשט

„וד׳ ברך את אברהם בכל״ (כ״ד, א׳).

דער מדרש זאגט דערויף: מלמד — פון דאנען איז געדרונגען, שבת היתה לאברהם, — אז אברהם האט געהאט א טאכטער, ובכל שמה — און זי האט געהייסען „בכל״.

פרעגט די וועלט: נאך וואס-זשע האט אברהם געברויכט שיקען זיין קנעכט אליעזר אזש קיין ארם-נהרים אויסצוזוכען דארט א כלה פאר זיין זוהן יצחק, א מעהר האט ער דאך איהם געקאנט געבען זיין אייגענע טאכטער „בכל״ פאר א ווייב, וואַרום פאר מתן-תורה האט דאך א ברודער געמעגט חתונה האבען מיט א שוועסטער?

דער תירוץ איז: יצחק האט געוואלט האבען א כלה — און נישט קיין מדרש...

לויט אנ׳אנדערן נוסח איז דער תירוץ אזוי: אברהם האט געוואלט יצחק׳ן געבען א ווייב על-פי פשט און נישט א ווייב

על־פי דרש...

לויט א דריטען וואריאנט איז דער תירוץ: אזוי ווי יצחק איז שוין געווען אנ׳אלטער בדור, א בן ארבעים, האט ער נישט געקאנט ווארטען ביז דער מדרש וועט מאכען פון „בכל״ א טאכטער...

## ווען א יחסן ווערט א פראסטאק׳ס א מחותן

„אלי לא תלך האשה״ (כ״ד, ל״ט).

רש״י שרייבט, דאס ווען אליעזר האט אנגעבאטען אברה־מ׳ען זיין טאכטער „אלי״ פאר א ווייב פאר יצחק׳ן, האט איהם אברהם געענטפערט: — „בני ברוך, ואתה — ארור, ואין ארור מדבק בברוך״ (מיין זוהן איז געבענשט און דו ביזט פערשאל־טען, און א פערשאלטענער טאר זיך נישט בעהעפטען מיט א געבענשטען).

פרעגט די וועלט דערויף א קשיא: אברהם האט דאך גע־ברויכט צו זאגען: „ואין ברוך מדבק בארור״ (און א געבענשטער טאר זיך נישט בעהעפטען מיט א פערשאלטענעם)?

איז דער תירוץ, אז נאכדעם ווי דער ברוך, דער יחסן, איז מספים משדך צו זיין זיך מיטן ארור, מיט׳ן גראבען געלד־זאק, וויל שוין דעמאלט דער לעצטער נישט דעם שידוך...

## צו א שידוך מוז מען זיך צואיילען

„ואבוא היום אל העין״ (כ״ד, מ״ב).

רש״י זאגט דערויף: היום יצאתי והיום באתי — מכאן שקפצה לו הארץ.

א גרויסען רבי׳ן האט מען אמאל גערעדט א שידוך פאר זיין זוהן מיט א טאכטער פון א גביר פון א ווייטער שטאדט. דעם רבי׳ן איז דער שידוך געפעלען, און ער איז אהינגעפאהרען

שרייבען דארט תנאים. אויפ׳ן וועג, בשעת׳ן אבשטעלען זיך ער־גיץ־וואו אין אנ׳אכסניא, האט ער זיך בעגעגענט מיט עטליכע פון זיינע חסידים, וועלכע, דערהערענדיג פון דעם שידוך, וואס דער רבי געהט טהון, האבען גענומען אויסרעדען אויף דעם גבי־רישען מחותן מיט זיין טאכטער אלץ, וואס אין דער קארט...

דער רבי האט געמוזט אויסהערען דעם דישעל און אהיימפאה־רען... אויף צוריקוועגס האט דער רבי געזאגט די תורה:

— יעצט פערשטעה איך ערשט, וואס רש״י זאגט אויפ׳ן פסוק: „ואבוא היום אל העין — היום יצאתי והיום באתי״. וואָ־רום אין פלוג איז דאך א קשיא: נאך וואס האט עס עפעס אלי־עזר געמוזט האבען קפיצת־הדרך? ווען אליעזר׳ס רייזע וואלט שוין יא געדויערט א פאר טעג, וואלט ער דען געהאט פער־שפעטיגט עפעס מיט רבקה׳ן?... — נאר דער תירוץ איז אזוי: ווען אליעזר וואלט זיך געמוזט שלעפען אויפ׳ן וועג, וואלטען איהם דאן געטראפען ערגיץ אין אנ׳אכסניא חסידים און וואלטען אויסגערעדט אויף בתואל׳ן מיט רבקה׳ן כל־דאָס בייז און עס וואלט בעשטימט שוין פון שידוך גאר נישט געווארען. דערפאר האט אליעזר געמוזט האבען קפיצת־הדרך...

## שוין רבקה האָט זיך געקריגט

„וכדה על שכמה״ (כ״ד, מ״ה).

פון וואנען איז געדרונגען, אז שוין רבקה האט זיך גע־קריגט מיט איהר מאן?

— ווייל עס שטעהט: וכדה — און איהר קריג (קרוג).

(א פאלקס־הלצה).



# פרשת תולדות.

## צוויי סדרות.

ואלה תולדות יצחק (כ"ה, י"ט).

כידוע האבען מיר צוויי סדרות, וואס הייבען זיך אָן מיט די ווערטער: „אלה תולדות": די ערשטע — „אלה תולדות נח" און די צווייטע — „ואלה תולדות יצחק".

שווער איז דערפאר, פאר וואס די ערשטע סדרה רופען מיר „נח", בעת די צווייטע הייסט נישט „יצחק" נאָר „תולדות" בלויז, פאר וואס איז דאס אזוי?

דער תירוץ איז: נח איז געוועזן אַ שיכור, און פון א שיכור, קען מען אמאָל דהאבען א טרונק בראַנפען, דערפאר רופען מיר די סדרה "נח", אבער פון יצחק'ן — וואס קאָנסט דו האָבען, אויב נישט „תולדות"?

## אז מ'האָט אַ שלעכטען שכן?

ויתרוצצו הבנים בקרבה (כ"ה, כ"ב).

רש"י שרייבט, דאס ווען רבקה איז פערבייגעגאנגען אַ בית-המדרש, האט יעקב געצאַפּעלט ארויסצוגעהען פון זיין מוטערס בויך; ווען זי איז ווייטער פערבייגעגאנגען א טומאה-הויז, איז עשו געשפרונגען פון דער הויט און געריסען זיך אהין.

פרעגט די וועלט א קשיא: מילא, אז עשו האט געוואלט ארויס פון בויך, קאן מען נאך דאס גאנץ גוט פערשטעהען: ער האט דערשפירט א טומאה-הויז, האט ער געוואלט ארויס פון דער מוטער'ס בויך, וואו מען לערנט דארט גאר תורה, צו וועלכער

ער דאַט קיין פּיצעל לוסט נישט און אהין ליבערשט צו דער טומאה, וואו ער וועט געניסען פון אלע תאוות און ליידענשאפטען פון עולם הזה, אבער יעקב, וואס האט ער זיך עפּעס געריסען ארויס, עס איז דאָך איהם אזוי גוט געווען אין זיין מוטערס בויך, וואו א מלאך האט געלערנט מיט איהם תורה און געוויזען איהם אויך אלץ, וואס עס טהוט זיך אויף דער וועלט, אזוי ווי עס שטעהט אין דער גמרא נידה (דף ל"ו)?

דעם תירוץ איז: יעקב דאַט געוואלט אנטלויפען פון זיין מוטערס בויך, כדי פּטור צו ווערען פון זיין שכן-רע, פון עשו הרשע.

## טאַמער טראָגט זי א ליטוואק'ל.

ויתרוצצו הבנים בקרבה (כ"ה, כ"ב).

די וועלט פרעגט: אויב עס איז ווירקליך געווען אזוי ווי רש"י זאגט (זעה פריהער), האט דאך ווייטער רבקה אליין גע-דארפט וויסען, אז זי שוואַנגערט מיט אזעלכע צוויי בנים: מיט א יעקב'ן און מיט אנ'עשו און נאך וואס איז זי געגאַנגען פרעגען שם ועבר'ן, זיי זאָלען איהר זאגען ועמען זי טראָגט?

דער תירוץ איז: רבקה האָט מורא געהאַט, טאָמער טראָגט זי גאר א ליטוואק'ל, וואס איז פעהיג אויף אלעם...

## דריי טענית פון א מלמד.

אם כן למה זה אנכי (כ"ה, כ"ב).

דריי טענורת טענה'ט א מלמד, וועלכע לאזען זיך אויס מיטן וואָרט „אנכי":

תחילת זמן, ווען ער געהט ארום זוכען תלמידים זאגט ער צו די עלטערען: „הבה לי בנים ואם אין מת אנכי" — גיט מיר קינדער, וועל איך מיר מאכען א דזדר, אויב נישט — שטאַרב איך פון הונגער!

אין מיטען זמן, ווען די טאטעס בעקלאָגען זיך פאר'ן מלמד, אז די קינדער זענען „וואויטקעס", טענה'ט ער: דהתחרת

אלקים אנכי — צי בין איך דען א גאָט, וואָס איך זאָל קענען אַרויפוועצען אויף זיי נייע קעפּ?

צום סוף זמן, ווען די בעלי־בתים ווילען נישט בעצאהלען דאס מלומדות־געלד, שרייעט ער: אם כן למה זה אנכי — אז דאס צער פון מיין וויסטער פרנסה איז יאָ אַזוי גרויס, טאָ צו וואָס לעב איך אויף דער וועלט?!

## די ראשי־תיבות פון „יעקב“.

ויקרא שמו יעקב. (כ״ה, כ״ו).

אַ ישוב׳ניק האט אמאל געבעטען א וויבערישען רבי, ער זאָל איהם בענשען. דער רבי האָט איהם געפרעגט:

— ווי הייסט דו?

— יעקב! — האט געענטפערט דער דאָרפסמאַן.

— יעקב מאכט אויף ראשי תיבות — האט דער רבי, ארויפלעגענדיג זיינע הענד אויפ׳ן ישוב׳ניקס קאָפּ, געזאגט: ישימך אלקים כאפרים וכמנשה...

## יצחק און רבקה.

ויאהב יצחק את עשו כי ציד בפיו ורבקה אוהבת את יעקב. (כ״ה, כ״ח).

די וועלט פרעגט: פון וואַנען נעמט זיך דאס, וואס רבקה איז געוועזען מעהר מבין אויף עשו׳ן ווי יצחק?

דער תירוץ איז: יצחק איז געוועזען אברהם׳ס אַ קינד. אברהם, דער טאטע איז געוועזען אַ צדיק תמים און נישט געוויסט פון קיין שווינדעל, פון קיין פאלשקייט; וואס גערעדט — דאס געמיינט. און דעריבער, אַז עשו איז געקומען צו יצחק׳ן מיט אַ שאלה: טאַטע, ווי אזוי מעשר׳ט מען שטרוי און זאַלץ? האט יצחק, דער נאַאיווער מענש, געמיינט, אַז זיין זוהן עשו איז א זעהר פרומער און אַ מדקדק במצוות און דערפאר האט ער פון איהם שטארק געהאלטען.

דאגעגען אָבער רבקה, האָטש זי איז אליין געווען א גרויסע צדיקת, איז זי אבער פאָרט געווען בתואל׳ס א טאָכטער און לבן הארמי׳ס א שוועסטער און זי האט זיך יאָ געקענט אויף רמאות: זי האט געוויסט, דאס מען קען רעדען „אחת בפה ואחת בלב״, דעריבער האט זי געקוקט אויף עשו׳ן מיט אָפענע אויגען אזוי, דאס ער האט זי נישט געקענט נארען...

## אַ פרוי קאָן בעסער שעלטען.

עלי קללתך בני (כ״ז, י״ג).

די וועלט פרעגט: — ווי קומט עס, אז רבקה זאָל נישט קיין מורא האבען פאר יצחק אבינו׳ס א קללה?

דער תירוץ איז: — אַ פרוי פיהלט אין זיך, דאס זי קאן בעסער שעלטען ווי דער מאן...

## יצחק האָט געבאַקען.

ויחרד יצחק חרדה גדולה (כ״ז, ל״ג).

אַ חסידישער רבי, נישט קיין איבעריגער למדן, האט פערטייטשט דעם פסוק: יצחק האט געבאקען א גרויסען קוכען (חרדה גלייך ווי „חררה — א קוכעל). איין חסיד האט דערביי א פרעג געטוהן:

— רבי, וואו האט יצחק גענומען אזא גרויסען אויווען אויף אָפצובאַקען אזא גרויסען קוכען ?

— גראָבער יונג! — האט דער רבי אנגעשריגען אויפ׳ן פרעגער — צו האסט דו דען נישט געזעהען, וואס רש״י שרייבט אויף דעם פסוק: „שראה גיהנום פתוח מתחתיו״ — יצחק האט געזעהן, אז דער גיהנום איז אָפען, איז ער דארט אריין און אָבגעבאַקען ביים שרעקליכען פייער פון גיהנום דעם גרויסען קוכען!...

# מען מייבט יודישע פאבריקאנטען.

ואת אחיך תעבוד (כ״ז, מ׳).

און פלוג איז שווער: וואס פאר א בענשען איז דאס, וואס יצחק האט געבענשט זיין זוהן עשו, דאס ער זאל זיין א קנעכט ביי יעקב׳ן?

אין אמת׳ן איז עס אבער טאקע א ברכה און גאר א גרויסע ברכה פאר עשו׳ן. ווייל, כידוע, דאס ווען יעקב ווערט רייך און גרינדעט פאבריקען, וועט ער קיינמאל נישט צונעמען קיין ארבייטער פון זיינע ברידער, נאר דווקא פון עשו׳ס קינדער...

(א פאלקס-ווערטעל, וואס זיין מחבר זאל זיין דער בעוואוסטער „מענדעלע מוכר ספרים״).

# א מחלוקה איבער קדיש-זאגען.

יקרבו ימי אבל אבי ואהרגה את יעקב אחי (כ״ז, מ״א).

— פאר וואס האט עפעס עשו אבגעלעגט דאס הרג׳ענען יעקב׳ן, ביז ער וועט ווערען אנ׳אבל נאכ׳ן פאטער?

דער תירוץ איז: עשו האט זיך אזוי געטראכט: גלאט געהען און הרג׳ענען א ברודער — פאסט דאך עפעס נישט. ס׳וועט ווערען א הימעל-געשריי, א „ויצעקו״, אזוי ווי מיט די מעשה „קין-הבל״. דעריבער וועל איך ליבערשט ווארטען ביז איך און יעקב וועלען ווערען אבלים, דעמאלט וועל איך, כנהוג ביי יודען, פערפיהרען מיט׳ן ברודער א מחלוקה׳לע איבער א דאווגען פאר׳ן עמוד, איבער א קדיש-זאגען א. ז. וו. און דערביי וועל איך ארייגפאלען אין כעס און וועל געבען איהם א טויט-קלאפ. ביי דער וועלט וועט עס הייסען, דאס איך האב איהם דער׳הרג׳עט איבער יודישקייט, איבער כבוד-אב וכדומה.

# א מאמע פון אכט בוגרות׳ן.

קצתי בחיי מפני בנות חת (כ״ז, מ״ו).

אַ תּלמיד-חכם, אַ גרויסער אביון, וואָס האָט געהאַט אויס־צוגעבען אַלץ מיידען, בוגרות'ן, האָט געשריבען אַ בריף צו זיין ברודער, אַ גרויסען עושר, און נאָך אַ גרעסערען קמצן, אין וועלכען ער האָט אויסגעגאָסען זיין ביטער הארץ, דאָס ער פֿער־מאָגט קיין גראָשען נדן נישט פֿאַר זייערט וועגען, און דערפֿאַר בעט ער פֿון איהם, ער זאָל איהם שיקען אַ נדן כאָטש פֿאַר דער עלטסטער טאָכטער.

דעם בריעף האָט ער פֿערענדיגט בזה הלשון: קצתי בחיי מפני בנות חת — דאָס לעבען איז מיר שוין פֿער'מיאוס'ט געוואָרען פֿון מיינע אַכט טעכטער; ואם מאָן אתּה לשלח הנני מביא מחר ארבע (ארבה) בגבולך — אויב דו וועסט מיר נישט שיקען דעם געפאָדערטען נדן, וועל איך דיר מאָרגען אהין ברענגען פֿיער טעכטער אין דיין שטוב אריין!...



# פרשת ויצא

## ויצא יעקב — אויף 6 אופנים.

ויצא יעקב מבאר שבע וילך חרנה. (כ״ח, י׳).

א חסידישער רבי האט ביים טיש פערטייטשט דעם דאָזיגען פסוק על פי „פרדס״ (פשט, רמז, דרוש, סוד) און אויך — „ישר והפוך״:

„ויצא יעקב... יעקב איז ארויסגעגאנגען פון באר שבע און געגאנגען קיין חרן — דאס איז פשט!

„ויצא יעקב... (דערביי האט ער געגלאצט מיט די אויגען) — דאס איז רמז!

„ויצא יעקב... יעקב איז ארויסגעגאנגען פון באר שבע, מיט דער דעה צו געהען קיין חרן — דאס איז דרוש!

״ויצא יעקב... (דא האט ער זיך צוגעבויגען צום נאהענטסטען חסיד, וואס איז געזעסען איהם געזעסען און איינגערוימט איהם אין אויער דעם פסוק) — דאס איז סוד!

יעצט: (ויצא יעקב מבאר שבע וילך חרנה״ — דאס איז „ישר״! און, אומדרעהענדיג זיך מיט'ן פנים צו דער וואנד, האט ער אבגעזאגט דעם פסוק — און ערקלערט: דאס איז „הפוך״!...

## פארוואס נישט די שטיוועל צוקאפענס?

ויקח מאבני המקום וישם מראשותיו. (כ״ח, י״א).

אין פלוג איז שווער: פארוואס האט עפעס יעקב געדארפט שלאפען אויף שטיינער, א מעהר האט ער זיך געקאנט אונטערלעגען כאטש די שטיוועל צוקאפענס, וואלט דאך איהם אלץ ווייכער געווען איידער די הארטע שטיינער? דער תירוץ איז: יעקב האט גוט געטהון, וואס ער האט זיך נישט אונטערגעלעגט די שטיוועל צוקאפענס, ווייל רש״י זאגט: ווען די שטיינער האבען זיך צעקריגט און יעדער שטיין האט געוואלט, אז נאר אויף איהם זאל יעקב הצדיק לעגען זיין קאפ, האט דעמאלט גאט צווישען זיי שלום געמאכט און פון אלע שטיינער איז געווארען איין שטיין. היינט-זשע, ווען יעקב וואלט זיך אונטערגעלעגט די שטיוועל צוקאפענס, וואלט דאך פוןביידע שטיוועל געווארען איין שטיוועל!...

## דאס זעלבע וואס ביי יעקב אבינו

ויקח מאבני המקום. (כ״ח, י״א).

צום נצי״ב (דער וואלאזשינער גאון) איז איינער געקומען צו גאסט. האט מען איהם דערלאנגט א שטוהל צו זיצען. אזוי אבער, ווי דער גאסט איז געווען א בעל-בשר, האט דאס געפלאכטענע געזעס נישט אויסגעהאלטען די משא און געפלאצט ביים ארויפזעצען זיך. דער נצי״ב, וואס האט געוואלט מיט א גוט ווארט בעפרייען פון פערלעגענהייט דעם פערשעהמטען אורח, האט זיך צו איהם אבגערופען: — עס האט אייך פאסירט דאס אייגענע, וואס מיט יעקב אבינו: ביי יעקב׳ן שטעהט, אז ווען די שטיינער אין בית-אל האבען צווישען זיך געאמפערט: יעדער האט געוואלט, דאס נאר אויף איהם זאל יעקב לעגען דעם קאפ, האט גאט געמאכט א פשרה און פון אלע שטיינער איז געווארען א י י ן שטיין. אויך דא איבער אייך האבען זיך, קענטיג, די געזעס-לעכלעך געקריגט. יעדעס האט געוואלט, דאס נאר אויף איהם זאלט איהר זיך זעצען. נו, איז געווארען א פשרה און פון אלע לעכער איז געווארען איין גרויס לאך...

## אנ׳צנטפער

מה נורא המקום הזה, אין זה כי אם בית אלקים.
(כ"ח, י"ז).

א רעפארמירטער ראבינער פון דייטשלאנד האט אמאל בעזוכט פוילען און רוסלאנד און צוגעזעהען דארטען די אונארדנונג, וואס הערשט אין חסידישע בתי-מדרשים, וועלכע זעגען פול מיט בלאטע און רויך פון פאפיראסען. דער ראבינער איז געווארען אויסער זיך פון אויפרעגונג און האט זיך צעשריגען:

— צו האט איהר, פרומע יודען, אפשר אויך געפונען א רמז אין דער תורה, דאס א מקום-קדוש זאל האבען אזא שרעקליך אויסזעהען ?

— יא! — האט געענטפערט דער קלוגער רב פון בית-המדרש — עס שטעהט אין דער תורה: מה נורא המקום הזה, אין זה כי אם בית-אלקים...

## גוט געבעטען

„ונתן לי לחם לאכול ובגד ללבוש" (כ"ח, כ׳)

פארוואס האט עפעס יעקב בעטאנט: „ובגד ללבוש" — א קלייד אנצוטהון? אוודאי ווייסט מען, אז א מלבוש איז געמאכט געווארען אנצוטהון עס...

איז דער תירוץ: יעקב האט געבעטען, עס זאל איהם נישט אונטערקומען צו בענוצען אמאל זיין בגד אויף לחם, צו פערזעצען עס אין לאמבארד אויף ברויט...

## א טרונק בראנפען

"לחם לאכול ובגד ללבוש".

א יודיש פאלקס-ווערטעל זאגט: רבונו של עולם, גיב מור כ׳בעט דיך, נאר „לחם לאכול יבגד ללבוש" — א טרינק בראנפען וועל איך מיר שוין אליין קויפען!...

## וואו שטעהט רחל?

והנה רחל (כ"ט, כ').

פרעגט מען: וואו שטעהט רחל אין דאוונען?

ענטפער: — רחל שטעהט שמונה-עשרה אין דער ווייבע-רישער שוהל!...

## ר' מאירל'ס א טייטש.

לא עת האסף המקנה, השקו הצאן — ולכו רעו (כ"ט, ז')

ר' מאיר'ל פרעמישליאנער האט געטייטשט: לא עת האסף המקנה — אויב, רבש"ע, עס איז נאך נישט געקומען די רעכטע צייט אויף צוזאמענגעהמען דיין צאן-קדשים און אויסלייזען זיי פון גלות, — השקו הצאן ולכו רעו — טא גיב-זשע זיי, דיינע יודעלעך, לכל הפחות דערווייל פרנסה בכבוד!...

## יעקב אבינו איז געווען גליקליך.

ויעבוד יעקב ברחל שבע שנים (כ"ט, כ').

יעקב אבינו איז געווען א סך גליקליכער פון אונז: ער האט געארבייט 14 יאהר אויף צוויי ווייבער, און מיר ארבייטען דאס גאנצע לעבען נאר אויף איין פרוי...

## א רמאות פון לבן הארמי.

ויעש משתה (כ"ט, כ"ב).

לבן דער קמצן, איז דא געווארען מיט אמאל א פזרן און געמאכט א חתונה-סעודה. געטהון האט ער עס, כדי אנצו-

שיכור'ן יעקב'ן, ער זאל נישט דערקענען, אז דאס איז נישט רחל, נאָר — לאה. א ראיה דערצו: ביי רחל'ן האט ער שוין קיין משתה נישט געמאכט...

(א פאלקס-וואָרט, עס שטעהט אויך ביי די „בעלי-התוספות).



# פרשת וישלח.

## די ברוכ׳לס א תורה.

וישלח יעקב מלאכים. (ל״ב, ד׳)

צום רבי׳ן ר׳ ברוכ׳ל פון מעזשיבוזש זענען געקומען אויף שבת עטליכע עלטערע חסידים, בעלי-גאווה׳ניקעס, וואס האבען נאך ר׳ ברוכ׳לען געקענט אלס יונגעל. ר׳ ברוכ׳ל האט בעמערקט זייער גאוה און צו זיי געזאגט, דאס זיי קאנען ביי איהם נישט זיין שבת. ווען די חסידים האבען איהם געפרעגט די סיבה פון זיין נישט גאסטפריינדליכקייט צו זיי, האט ער זיי געענטפערט אזוי:

— עס שטעהט: וישלח יעקב מלאכים. איז דאך אין פלוג שווער: פאר וואס דהאט עפעס יעקב געשיקט צו עשו׳ן דווקא מלאכים און נישט קיין מענשען?

— נאָר יעקב האט צו די מלאכים אזוי געזאָגט: ביי מיין זיידען אברהם זענט איהר אלע דריי געווען מענשען און נאר ביי מיר ווילט איהר מלאכים ווערען? געהט דערפאר צו עשו׳ן!...

## נישט קיין „גביר“ נאָר א „גר“

עם לבן גרתי. (ל״ב, ה׳).

רש״י שרייבט, דאס יעקב האָט געהייסען די מלאכים זאָגען צו עשו׳ן, אז די ברכה, וואס זיין פאָטער האט איהם גע-בענשט: „הוה גביר לאחיך“ לא נתקיימה בי. די וועלט זאגט

נאך פארן גאון ר׳ יוסף שטיינהארטס ווייב, דאס רש״י מיינט, אז פון דעם וואָרט „גביר״, וואס יצחק האט דערמיט געבענשט יעקב׳ן, פעהלען די אותיות „בי״, און עס איז געבליבען דערפון נאָר „גר״. דאס הייסט: יעקב זאגט: עם לבן גרתי—איך בין ביי לבנ־ען געווען נאר א „גר״, אבער נישט קיין „גביר״...

## וואס א געדער חסיד קען אלץ ווערען?

עם לבן גרתי. (ל״ב, ה׳)

רש״י זאגט דערויף: לא נעשיתי שר וחשוב אלא גר. די וועלט זאגט, אז די ווערטער „שר וחשוב״ מאכען אויף ראשי־תיבות: שמש, רב, וחזן, שוחט, ובודק. ד. ה. אז נאָר א גערער (גר) חסיד קען ווערען א שמש, רב, חזן, שוחט־בודק אין א שטאדט...

(פאלקס פאראדיע אויף די מאכט פון גערער הויף.)

## עשו וויל נאָר יעקבס שפייזען...

ויירא יעקב מאד. (ל״ב, ח׳)

די וועלט פרעגט: פארוואס האט עפעס יעקב אזוי מורא בעקו־מען פאר עשו׳ס מחנה פון פיער־הונדערט מאן, אמעהר האט ער דאך געקאנט אנווענדען לגבי זיי די אייגענע ערמה, וואס זיינע קינדער האָבען אנגעווענדערט שפעטער לגבי די אנשי שכם, ד. ה.: ער האט געקאנט זאגען צו זיין ברודער עשו: אויב דו ווילסט פון מיר מיין גרויסען רכוש, טאָ זיי זיך מל און איך גיב דיר בטוב אלץ אוועק?

— דער בעוואוסטער געלעהרטער ריב״ל (ר׳ יצחק בער לעווינזאָן) האט געזאָלט אויף די קשיא ענטפערען צוויי תירוצים. דער ערשטער תירוץ איז: — עס איז יעקב׳ן טאקי איינגעפאלען

די ערמה וועגען די מילה, ער האט זיך אבער דערמאנט, אז עשו איז נישט שכם און האט אויך א שטיקעל יודישען קאפ אויף זיך.

נאך א תירוץ: יעקב האט גוט געוויסט, דאס עשו האט שטענדיג א טבע נאר יענעם צו שניידען און נאר יענעמס בלוט צו פערגיסען, זיך אליין וועט ער אבער קיין ריהר נישט טהון.

## פארוואס האט יעקב נישט געשיקט קיין הונד?

ויקח מן הבא בידו מנחה לעשו (ל״ב, י״ד).

דער דובנער מגיד איז אמאל געקומען צופאהרען פארנאכט אין א קרעטשמע. אזוי ווי אין דער קרעטשמע זענען פונקט גע־ווען צעהן יודען, האט ער געוואלט פון זיי מאכען א מנין צו דאווענען מנחה בצבור. איינער פון די צעהן, א געוויסער להכ־עיס׳ניק, דערהערענדיג, אז מען געהט מנחה דאווענען, האט ער זיך אויפגעכאפט און ארויסגעלאפען פון דער קרעטשמע, כדי צו צושטערען דעם מנין. דער מגיד האט זיך דאן אבגערופען צום עולם:

— יעצט איז מיר פערענטפערט געווארען א שווערע קשיא: פאר וואס האט עפעס יעקב נישט געשיקט צווישען די ציגען, שעפסען און אייזלען אויך א הונד אלס מנחה צו עשו׳ן ? נאר דער תירוץ איז: יעקב האט געוויסט, אז א הונד אנטלויפט שטענדיג פאר מנחה...

## מיט א נאר טאר מען נישט אנהויבען

עזים מאתים (ל״ב, ט״ו).

פארוואס האט יעקב נישט געשיקט צו עשו׳ן אויך א אינדיק פאר א מתנה?

— ווייל מיט א נאר טאר מען נישט אנהויבען...

## געגנערס גיצט מען קליינע כוס'עלעך

ויותר יעקב לבדו (ל"ג, כ"ה).

רש"י זאגט: יעקב האט געהאט פערגעסען אין יענער זייט פון טייך יבק קליינע קריגעלעך, איז ער צוריקגעגאנגען זיי ברענגען. ר' לייבעלע ברוידעס, בשעת ער האט געוואלט אנקומען פאר א רב אין לעמבערג, דהאט ער געהאט געגען זיך א סך פייערדיגע מתנגדים. ווען ר' לייבעלע איז דאך געוועהלט גע-ווארען פאר לעמבערגער רב, איז די זעלבע חברה געגנערס אויך געקומען צווישען אנדערע אבגעבען איהם מז"ט. ר' ליי-בעלע האט דאן געהייסען ארויסנעמען פון קרעדענס קליינע קריגעלעך, קליינע גלעזעלעך און בעכערלעך און האט מכבד גע-ווען זיינע געוועזענע מתנגדים מיט קליינע כוס'עלעך וויין.

איינער פון זיינע מקורבים האט א פרעג געטהון:

— רבי, אלע וויסען דאך, דאס איהר זענט נישט קיין קארגער, טא פארוואס הייסט איהר גראד יעצט, בשעת אייער גרויסער שמחה דערלאנגען פאר דעם עולם קליינע כוס'עלעך וויין?

ר' לייבעלע האט מיט א שמייכעל געענטפערט:

— איך האב מיך אבגעלערנט פון יעקב אבינו: אויך ער, בשעת ער האט פאר זיך דערזעהען אנקומען די גרויסע מחנה פון זיין „געטרייען" ברודער, איז ער דאן געלאפען ברענגען די פכים קטנים...

## וואס יעקב האט געזאגט — שטעהט נישט?

ויאמר אליו מה שמך ויאמר יעקב (ל"ג, כ"ח).

א מחבר מיט'ן נאמען יעקב האט געברענגט זיין חיבור „ויאמר יעקב" (און יעקב האט געזאגט) צום מלבי"ם, ער זאל איהם דארויף געבען א הסכמה. קוקט דער גאון אריין אין דעם מאנוסקריפט און געפינט אָבער דאָרט נישט קיין איין ווארט, וואס זאל כדאי זיין „געזאגט" צו ווערען. רופט ער זיך דאן אב צום מחבר:

— יעצט פערשטעה איך שוין פארוואס איהר האט א נאמען געגעבען אייער חבור: „ויאמר יעקב". ווייל אויך אין דער תורה געפונט זיך אויף איין ארט א פסוק: ויאמר יעקב — יעקב האט געזאגט — און באמת שטעהט דערנאָך דארט גאר נישט, וואס ער האט געזאגט...

## דער חמור שטאמט פון בלעם'ס אייזעל.

וידבר חמור אתם לאמר (ל"ד, ח').

ווי אזוי איז מעגליך, אז א חמור זאל קאנען רעדען?

— דער חמור איז געווען א קינד פון בלעמ'ס אייזעל!

(א פאלקס המצאה. דער מקור דערפון האב איך געפונען אין אלטען ספר „מחברות עמנואל")

## א ווינטערדיגער קרח.

ואת קרח (ל"ו, ה').

אויף א ממזר זאגט דאס פאלק: ער איז א ווינטערדיגער קרח. דער זין דערפון איז אזוי: רש"י זאגט אויף דעם פסוק: „קרח זה ממזר היה". און ווייל די סדרה „וישלח" לייענט מען דאך אין ווינטער, דערפאר רופט מען א ממזר „א ווינטערדיגער קרח", ד. ה. א קרח פון דער סדרה „וישלח", און — נישט פון דער בעוואוסטער סדרה „קרח", וואס געהט אין זומער...

# מען דאַרף זוכען יחוס.

ואחורת לוטן תמנע (ל״ו, כ״ג).

די גמרא זאגט: ווער עס געהט נעמען פאר זיך א ווייב, דער זאָל פריהער זעהען, ווער זענען איהרע ברידער. א רמז אויף דעם איז דער פסוק: ואחות לוטן (א שוועסטער פון א פערשאָל־טענעם) תמנע (זאָלסטו אויסמיידען) און נישט נעמען פאר א ווייב, ווייל אממייגסטען געראָטען אריין קינדער אין זייער מוטערס ברידער.

(א פאלקס-ווארט. דער מקור איז אין ספר „שבילי אמונה״)



# פרשת וישב

## אזוי וועט זיין דער דין

וישב יעקב (ל״ז, א׳).

א געוויסער עזות-פנים האט געזאָגט צום גאון מלבי״ם: דער דין איז דאָך, אז ווען מען זעהט א תלמיד חכם דארף מען זיך אויפשטעלען. דער „בעל הטורים״ ברענגט ווידער, א סגולה, דאס ווען מען זעהט דהונד, זאל מען זיך רוהיג אוועק זעצען. וויל איך אייך פרעגען: ווי איז דער דין, ווען מען זעהט ביידע איינצייטיג, א תלמיד חכם און א הונד? וואס דארף מען דעמאָלט טהון: זעצען זיך, צו אויפשטעלען זיך? האט דער גאון געענט־פערט:

די חכמים אונזערע זאגען, אז אויב מען ווייסט נישט אויף זיכער ווי דער דין איז, דעמאלט דארף מען זיך פערלאזען אויפ׳ן מנהג, ד. ה. מ׳דארף זעהען, ווי דער עולם איז זיך נוהג; טאָ קום, אלזאָ, מיט מיר ארויס אין גאס, וועט מען שוין זעהען, ווי דער עולם וועט זיך נוהג זיין, דערזעהענדיג אונז ביידע צוזאמען, — און אזוי וועט זיין דער דין...

## לייענענדיג דעם טייטש-חומש

וימכרו את יוסף (ל״ז, כ״ח).

א יודענע האט געלייענט שבת נאָכ׳ן עסען אין טייטש-חו־מש די סדרה „וישב״, וואו עס ווערט דערצעהלט, ווי אזוי יעקב׳ס קינדער האָבען ארייגעוואָרפען זייער ברודער יוסף אין א גרוב,

וואס איז געוועזן פולע מיט שלאנגען און עגדישען און דערנאך איהם פערקויפט אזש קיין מצרים פאר א קנעכט. די יודענע האט ביים לייענען שטארק געזיפצט, דאס הארץ האט איהר וועה געטהון אויף דעם אכזריות׳דיגען בעגעהען זיך פון די ברי־דער מיט דעם אונגליקליכען יוסף.

אין א יאהר ארום, ווען זי האט ווידער געלייענט די מעשה פון מכירת יוסף, האט זי א קלאפ געטהון אין טייטש־חומש און אויסגעשריגען:

— האב איהם שוין א שווארץ־יאהר, דעם גאנצען יוסף! כ׳האב אויף איהם רחמנות ווי אויפ׳ן הונד! ערשט פאראיאָהרען האט ער געהאט אזא שווארצען סוף, טאָ פארוואס־זשע איז ער היינט ווידער געקראָכען צו די שעהנע „בראטשקעס״ (ברידער) רעכט אויף איהם!

# ווי די שאלה — אזוי די תשובה

ויאמר: הבה נא (ל״ח, ט״ז).

פון וואנען איז געדרונגען פון דער תורה דאס, וואס די וועלט זאגט: „ווי די שאלה — אזוי די תשובה״?

— פון דער נגינה (טראָפּ) אין חומש ביי דער מעשה פון יהודה מיט תמר׳ן. פריהער שטעהט דא: „ויאמר״ (ער האט גע־זאָגט) מיט א פשטא, דאס הייסט: געלאסען (פשוט — פראסט, געלאסען), שטעהט דערביי: „ותאמר״ (זי האט געזאגט), אויך גע־לאסען מיט א פשטא; דערנאך, א פסוק ווייטער, שטעהט שוין: „ויאמר״ — מיט אנ׳אזלאָ, ד. ה. מיט א געבייזער, שטעהט דער־ביי „ותאמר״ אויך מיט א אנ׳אזלאָ — מיט דעם זעלבען געביי־זער, הייסט עס; צום סוף שטעהט שוין „ויאמר״ מיט א רביעי, ד. ה. מיט א טאָן פון איבערבעטען זיך, שטעהט דערביי „ותאמר״ פונקט אויך אזוי מיט דעם זעלבען טאָן — מיט א רביעי...

# א זוהן דארף פערטיידיגען א מאמע

ויקרא שמו פרץ (ל"ח, כ"ט).

דער גאון מהר"י מינץ האט געשריבען צום גאון ר' פרץ אין א שאלת-תשובה וועגען איסור פון „לולבים מורכבים" בזה הל-שון:

רבים אומרים: זנתה תמר (לולב איז כפת תמרים, ד. ה. אז א לולב מורכב איז פסול), ועליך, פרץ, להפוך בזכותה, אמך היא לא תגלה את ערותה — און אויף דיר, פרץ, ליגט א חוב זי צו פערטיידיגען, ווארום זי איז דיין מאמע!...

דער מהר"י מינץ האט דא געמיינט דאס ווארט-שפיל פון „תמר" — א נאמען פון א פרוי, יהודה׳ס שנור, וואס האט איהם געבוירען א זוהן פרץ, און אויך „תמר" — א טייטעל-בוים, אויף וועלכען עס וואקסען לולבים...

# שר-האופים האט נישט געוואלט בעצאהלען

ויספר שר המשקים את חלומו ליוסף (מ׳, ט׳).

פארוואס האט יוסף פותר געווען דעם שר המשקים׳ס חלום צום גוטען און דעם שר האופים׳ס חלום—צום שלעכטען? מיט וואס האט זיך דאס דער לעצטער פאר יוסף׳ן מעהר פער-זינדיגט פון זיין חבר, דעם שר-המשקים? דער תירוץ איז:

— ביים שר-המשקים שטעהט: „ויספר שר המשקים... ליוסף, דאס הייסט: ער האט יוסף׳ן גוט בעצאהלט (ויספר — פון לשון ספירה, ציילען, צאהלען) פאר׳ן בעשיידען זיין חלום, דערפאר האט איהם יוסף טאקע אויסגעלעגט דעם חלום צום גוטען. דא-געגען דער שר האופים האט געזאגט: „אף אני בחלומי", ד. ה. ער האט זיך געוואלט מיטלאפען בחינם, אז יוסף זאל איהם

פאראיינוועגס פאר'ן שר המשקים'ס געלד פותר-זיין אויך זיין חלום. נו, האט איהם טאקע יוסף דערלאנגט דעם אמת'ן בעשייד...

## ראשי-תיבות פון „וישכחהו"

וישכחהו (מ, כ"ג).

כידוע פאלט שטענדיג חנוכה, דער סעזאָן פון קארטען-שפילען, אויס אין דער וואָך, ווען עס געהט די סדרה „וישב". דאס פאָלק זאגט דערפאר, אז דאסווארט „וישכחהו", מיט וועל-כען עס ענדיגט זיך די סדרה „וישב", מאכט אויף ראשי-תיבות: „וועלכע יודען שפילען קארטען חנוכה — הייסען וואויטקעס (א צונאמען אויף אנ'עם-הארץ).



# פרשת מקץ

## אַנ׳אָרימאַן דאַרף שטענדיג מיטעסען

והיה האכל לפקדון (מ״א, ל״ו).

ר׳ שניאור זלמן פון לאַדי, דער בעל „תניא״, האט פער־בעטען אויף מיטצוהאלטען מיט איהם א מיטאָג איינעם פון זיי־נע חסידים, אנ׳ארימאן, אבער אויך א גרויסען ירא שמים. דער חסיד האט זיך ענטזאגט מיטצועסען, ווייל ער איז נאָך נישט הונגעריג, און ווער עס עסט אויף נישט קיין הונגעריגען מאָגען, — האט דער חסיד מאָטיווירט זיין אָבזאָג,—טהוט א מעשה בהמה.

ר׳ שניאור זלמן האט איהם אזוי געענטפערט:

— דאס איז אָבער אלץ גערעדט וועגען א זעלכען, וואס איז רייך און דערפאר איז ער זיכער, אז אויך שפעטער, ווען עס וועט איהם הונגערען, וועט ער האבען וואס צו עסען. אָבער דו, וואס צוליב דיין ארימקייט ביזטו דאָך נישט זיכער, אז דו וועסט האבען שפעטער עפעס וואס צו נעהמען אין מויל אריין, קום־זשע שוין יעצט אהער צום טיש און „והיה האכל לפקדון״...

## אַנ׳עוֹלה=לגדולה פערגעסט זיין יודישקייט

ויאמר פרעה אל עבדיו: הנמצא כזה איש אשר רוח אלהים בו. (מ״א, ל״ח).

דער טייטש פון דעם איז אזוי: אונזערע יודען, אז זיי זע־נען עולה לגדולה, פערוואַרפען זיי דאס ערשטע דאס יודישקייט, יוסף אבער, ווען ער איז געוואָרען משנה למלך, האט ער זיך ווייטער געפיהרט יודיש און געהאלטען פון יודישען גאָט. דער־פאר האט זיך דאס פרעה געוואונדערט און געזאגט: א מענש, וואס האט אזא קאריערע געמאכט זאל נאך זיין „רוח אלהים בו״ ?

# א פערקעהרטער מלמד

ויכר יוסף את אחיו והם לא הכירוהו (מ״ב, ח׳).

א פעראַרעמטער סלאָנימער משכיל, א קל־במצוות איז א־וועקגעפאהרען קיין אמעריקא זוכען זיך דארט א בעשעפטיגונג. ער האט אבער אויך דארט גארנישט געפונען און איז צוריקגע־קומען קיין סלאָנים מיט לעדיגע הענד און דערצו נאך אהן א בארד.

אהיימקומענדיג, איז ער אריינגעגאנגען צום בעוואוסטען סלאנימער רב, ר׳ אייזעל חריף. ער האט איהם דערצעהלט זיין ביטער הארץ און געפרעגט איהם אנ׳עצה, צי ער זאל אפשר ווערען א מלמד.

דער רב האט איהם געענטפערט:

— מיר דוכט זיך, אז אויך ביי א מלומדות וועסט דו קיין הצלחה נישט האבען, ווייל דו ביזט א פערקעהרטער מלמד. ווארום וועגען יוסף׳ן זאגען די חז״ל אויף דעם פסוק: „ויכר יוסף את אחיו והם לא הכירוהו״ — מלמד שיצא בלי חתימת זקן ובא בחתימת זקן, ד. ה., יוסף איז אוועק פון די ברידער אהן א בארד און איז צוזאמענגעקומען זיך מיט זיי מיט א בארד; דערפאר האבען זיי איהם נישט דערקענט. דו אבער, וואס דו האסט געטהון פערקעהרט: ביזט אוועק קיין אמעריקא מיט א בארד און צוריקגעקומען אהן א בארד, ביזט דו דאך דערפאר א פערקעהרטער מלמד, און ווער וועט א פערקעהרטען מלמד

געבען די קינדער מחנך צו זיין?...

## א שווערער רמב״ם

וכסף משנה קחו בידיכם (מ״ג, י״ב).

א תלמיד-חכם, א גרויסער אביון, איז ערב-פסח אריינגע-קומען צו ר׳ חיים וואָלאָזשינער און בעקלאגט זיך פאר איהם, אז ער האט היינט א שווערען רמב״ם. געמיינט האט ער, אז עס פעהלען איהם אויף פסח: ראזשינקעס, (וויין), מצות, בולבעס (קארטאפעל), מייערען, וואס די ראשי תיבות פון די אלע מי-נים איז „רמב״ם". ר׳ חיים האט פערשטאנען, וואס דער תלמיד חכם מיינט. ער האט איהם געגעבען צוויי רובל און געזאגט:

— אין דעם פירוש אויפ׳ן רמב״ם פון ר׳ יוסף קארו „כסף משנה" (צוויי זילבער שטיק) וועט איהר געפינען א תירוץ אויף אייער שווערען רמב״ם...

## יוסף׳ס שבועה

ואם לא חי פרעה, כי מרגלים אתם (מ״ב, ט״ז).

רש״י זאגט דערויף: „כשהיה נשבע לשקר — היה נשבע בחי פרעה".

א קריסטליכער שר האט אמאל געפרעגט דעם גאון ר׳ איטשעלע וואלאזשינער: צי איז דאס אנ׳עהרליכקייט פון אייער יוסף הצדיק, וואס פרעה האט איהם אזוי פיל גוטס געטהון: ער האט איהם דערהויבען פון א קנעכט און ארעסטאנט ביז וויצע-קעניג, און פאר דעם אלעם האט איהם יוסף גאר אזוי שעהן אבגע-דאנקט, דאס ווען ער האט געוואלט שווערען, האט ער זיך דאן אויסגעדריקט: חי פרעה — פרעה זאל אזוי לעבען צו דאס איז אמת.

אויף דעם האט איהם דער גאון געענטפערט:

— מען דארף קענען גוט לשון-קודש, אויב מען וויל פרע-גען קשיות אין תנ"ך. ווארום מיר געפונען אין תנ"ך דאס ווארט „חי" — לעבען — מיט א פתח (חַי), ווען עס בעציהט זיך אויף א מענש, אדער אויף אַן׳אַנדער׳ן בעל-חי „חי" (חַי), אבער מיט א צירה, קומט נאר דאן, ווען עס בעציהט זיך אויף גאט, אויף דעם „חי-העולמים", (דעם אייביג לעבעדיגען). בעוואוסט איז אויך, אז פרעה האט זיך געהאלטען פאר א גאט. דעריבער, ווען יוסף האט געוואלט שווערען אויף א ליגען, האט ער זיך אויסגעדריקט: „חֵי פרעה" (מיט א צירה), דאס הייסט: אזוי וואהר ווי פרעה איז א גאט, — אזוי אמת איז דאס. פערשטעהט זיך שוין יעצט, אז יוסף איז מיט דער שבועה נישט אויסען געוועזן צו שעלטען פרעה׳ן...

## אז מען געהט מיט א שטעקען

ארת אלהים אני ירא (מ"ב, י"ח).

פרומע יודען האבען אמאל געטראפען דעם בעוואוסטען משכיל און שריפטשטעלער אד"ם הכהן לעבענזאהן געהען אום שבת מיט א שטעקען.

— הירתכן?! — האבען זיך די יודען געבייזערט — די פושע ישראל, ווי האסטו נישט קיין מורא פאר גאט צו געהען אום שבת מיט א שטעקען?

— אז איהר ווילט וויסען, — האט אד"ם געענטפערט, — בין איך מעהר ירא-שמים פון אייך: ווייל איהר, וואס האט נישט קיין מורא פאר גאט, טראגט דערפאר אום שבת נישט קיין שטעקען; אבער איך, וואס אויף מיר איז געזאגט געווארען דער פסוק: „את אלהים אני ירא", געה דערפאר היינט יא מיט א שטעקען...



# פרשת ויגש

## א פאָלקס-מדרש

ויגש אליו יהודה (מ״ד, י״ח).

אויף „ויגש אליו יהודה״ שטעהען די טראָפּען (נקודות): קדמא ואזלא, רביעי; אויף „ויאמר בי אדוני״ שטעהען: זרקא, מונח, סגל, ד. ה. יוסף האט געפרעגט יהודה׳ן: קדמא ואזלא ? וואס האסט דו זיך ערפּעס געפעדערט און געקומען פריהער פאר אלע דיינע ברידער ? רביעי! — דו ביזט דאָך דער פערטער זוהן פון דיין טאטען יעקב, פארוואס שטעלען זיך נישט יענע עלטערע דריי ארויס? יהודה האט געענטפערט: „זרקא״ — איך האב זיך מתחייב געווען פאר מיין פאטער ארויסגעוואָרפען צו ווערען פון ביידע וועלטען, אויב איך וועל איהם נישט צוריק-ברענגען אונזער ברודער בנימין; מונח, סגל — דערפאר האב איך געלאָזט רוהען יענע צוויי ברידער און איך מוז זיך אליין פאר בנימין ארויסשטעלען.

לויט אנ׳אנדערן נוסח האט יהודה געענטפערט: „זרקא, מונח, סגל״ — איך בין אריינגעוואָרפען געוואָרען און ליג אין די „דריי אותיות״ (חרם)...

(א פאָלקס-מדרש).

## יהודה׳ס טענה צו יוסף׳ן

ויגש אליו יהודה ויאמר: בי אדוני.

יהודה האט אזוי געזאגט צו יוסף׳ן: „בי אדוני״. דורך מיר

ביזט די געווארען אנ׳אָדון, א האר, ווייל איך האב נישט גע־לאָזט, אז די ברידער זאלען דיך דהרג׳ענען, נאָר — געהייסען פערקויפען דיך קיין מצרים.

## א סימן אויף שנייען און פרעסט

ויגש.

אז ראש חודש שבט פאלט אויס אין מיטוואָך, וועט זיין א שטארקער ווינטער מיט שנייען און פרעסט. א סימן דערויף איז, וואס דאסווארט „ויגש" מאכט גלייך און צוריק אויף ראשי־תיבות: וואָ"ו (יום ו׳) יהיה ג׳ שבט, שלג גדול יהיה וקור, אויב דער דריטער טאג פון חודש שבט וועט אויספאלען אום פריי־טאָג, איז א סימן, אז עס וועלען זיין שנייען און פרעסט.

(א פאָלקס־ווארט; עס שטעהט אויך אין ספר „פרי מגדים", או"ח, סימן תרפ"ה).

## די פינפטע קשיא

כי כמוך כפרעה (מ"ד, י"ח).

רש"י זאגט דערויף: „מה פרעה גוזר ואינו מקיים, מבטיח ואינו עושה — אף אתה כן".

צום סדר האט א קלוג יונגעל נאך די פיער קשיות גע־פרעגט זיין פאטער, א קארגען גביר, נאך א פינפטע קשיא: — מה נשתנה? פארוואס אלע נעכט פון א גאנץ יאהר, אז עס קומט אריין צו דיר אנ׳ארימאן, גיסט דו איהם א קדחת, הלילה הזה — די דאזיגע נאכט פון פסח, ווערסט דו פלוצלינג מילד און שרייסט הויך: כל דכפין ייתי ויכול? דער פאטער, א געטראָפע־נער פון זיין זוהנ׳ס רייד ווערט צעטומעלט און ווייסט נישט, וואס צו ענטפערען. אבער דאס קלוגע יונגעל העלפט ארויס דעם פאטער פון זיין פערלעגענהייט און זאגט:

— וויסען זאלסט דו טאסע, אז דער בעל-הגדה פערענט-פערט מיט זיין „עבדים היינו לפרעה במצרים" אויך מיין פינפטע קשיא. ווייל אויף „עבדים היינו לפרעה במצרים", מאכט רש"י: מיר האבען געלערנט ביי פרעה'ן אין חדר און זיך טאקע אויס-געלערנט פון איהם צו זיין א „גוזר ואינו מקיים". צו שרייען הויך: „כל דכפין ייתי וייכול", און עס נישט מקיים צו זיין...

## ווייטער פון די אויגען — נעהנטער צום הארץ

וישבת בארץ גושן והיית קרוב אלי (מ"ה, י').

פארוואס האט יוסף נישט געוואלט, אז זיינע ברידער מיט'ן פאטער יעקב זאלען זיך בעזעצען און וואוינען מיט איהם צוזאמען אין מצרים?

יוסף האט מורא געהאט, אז אויב די ברידער וועלען וואוינען מיט איהם צוזאמען אויף איין אָרט, וועט זיך ווידער מאכען צווישען זיי עפעס א מחלוקה'לע, און וואס א ברידער-קריג בעדייט האט ער שוין געשפירט אויף זיין אייגענער הויט. דעריבער האט ער זיך געטראכט: לאמיר זיין גוטע פריינד פון דער ווייטענס; ווייטער פון די אויגען—נעהנטער צום הארצען...

## נישט ווי א גוי רעדט יודיש

כי פי המדבר אליכם (מ"ה, י"ב).

רש"י זאגט: „כי פי המדבר אליכם — בלשון הקודש".

פרעגט מען דערויף: איז דען ווירקליך דאס רעדען לשון-קודש א סימן מובהק, אז דער רעדנער איז א יוד? האט דען קיין איין גוי אין מצרים נישט געקענט די העברעאישע שפראך?

דער תירוץ איז: יוסף האט געזאגט: כי פי המדבר אליכם — זעהט ווי איך רעד ריין און גוט אייער שפראך, נישט

## דאָרט, וואו יודען בעזעצען זיך

וייטב בעני פרעה (מ״ה, ט״ז).

פארוואס איז עפעס פרעה׳ן געפעלען געווארען יוסף׳ס איינפאל צו בעזעצען זיינע ברידער אין גושן?

— ווייל פרעה האט געוואוסט, אז דאָרט, וואו יודען בע־זעצען זיך, ווערט פון א דערפעל — א שטעטעל...

## יוסף האָט געשיקט קאָזעס

ולאביו שלח כזאת (מ״ה, כ״ג).

מען פרעגט חדר־יונגלעך: וואו שטעהט אין חומש, אז יוסף האט געשיקט צו זיין פאָטער יעקב קאָזעס פאר א מתנה?

ווען דאס יונגעל ענטפערט, אז אזעלכעס שטעהט נישט אין חומש, ווייזט מען איהם דעם פסוק: ולאביו שלח כזאת (קאָזעס)...

## אַלטער וויין און זקנים

ולאביו שלח מטוב מצרים (מ״ה, כ״ג).

רש״י שרייבט: „יין ישן שדעת זקנים נוחה הימנו״. — די וועלט גיט אָן א טעם, פארוואס האבען זקנים, אלטע לייט, הנאה פון אלטען וויין?

— ווייל געוועהנליך זענען זקנים נישט צופרידען פון דער עלטער; זיי זעהען איין, אז יעדע זאך, וואס ווערט אלט, ווי אנ׳אלטער בגד, אנ׳אלטער שוך און אנ׳אלטער בנין, פערלירט דאן דעם ווערט. דערפאר, ווען זיי זעהען, אז עס איז אויך דא אויף דער וועלט א זאך, ווי וויין, וועלכער, וואס מעהר ער

ווערט עלטער, אלץ טייערער איז ער. האבען זיי דערפון א סאַ-טיספאקציע און א טרייסט. און דעריבער טאקע האבען זקנים אזא הנאה פון אלטען וויין.

## בעסער צו שטאַרבען איידער אַנקומען צו קינדער

ויאמר ישראל: אמותה הפעם אחרי ראותי את פניך (מ״ו, ל׳).

פון וואנען איז געדרונגען, אז עס איז בעסער פאר די עלטערען צו שטארבען איידער אנצוקומען צו א קינד.

— עס שטעהט אין חומש: „ויאמר יעקב אמותה הפעם אחרי ראותי את פניך". יעקב בשעת ער איז געקומען קיין מצרים, האט געהערט, ווי יוסף האט איהם צוגעזאגט צו שפייזען איהם מיט זיין גאנץ הויז-געזונד, — האט ער דאן געזאגט:

— איך וויל שוין ליבערשט שטארבען, איידער אנקומען צו א קינד...



# פרשת ויחי

## די סדרות פון א יודישען סוחר

ויחי יעקב (מ״ז, כ״ח).

מען האט געפרעגט אמאהל א יוד א סוחר: וואס פאר א סדרה געהט היינט?

— ביי מיר — האט געענטפערט דער סוחר — געהען מיטאמאָל אלע סדרות, אויסער די סדרה „ויחי״, ווארום דאס לעבען לערנט מיט מיר: כי תצא למלחמה; דאס ווייב — בלק; מיינע בעלי-חובות — משפטים; דאס געלד — וילך; די געשעפ-טען — נצבים; די וועקסלען — ויגש; איך האלט שוין, דוכט זיך, ביי וישב; נאָר ווער ווייסט, צי כ׳וועל אמאָל קומען צו „ויחי״...

## וואָס א באנקראָטניק האָט געמיינט?

ועשית עמדי חסד ואמת (מ״ז, כ״ט).

רש״י זאגט דערויף: „חסד של אמת שאינו מצפה לתשלום גמול״.

א באנקראָטניק האט צווישען זיינע איבעריגע חובות נישט געוואלט בעצאהלען אויך דאָס גמילת-חסד, וואס ער האט זיך געהאט געליהען ביי איינעם.

— ס׳טייטש — האט גע׳טענה׳ט דער געבער פון גמילת-

חסד — ווי בעצאהלט מען עפעס נישט א גמילת-חסד?

— דו הערסט דאָך — האט געענטפערט דער באַנקראָטניק — דעמאלט, ווען איך האב געבעטען פון דיר דאָס גמילת-חסד, האב איך געמיינט, אז דו טהוסט מיר א חסד של אמת...

## ראשי תיבות פון „אמת"

ועשית עמדי חסד ואמת

רש"י שרייבט, אז דער חסד, וואס מען טהוט מיט מתים, איז א חסד של אמת. פון וואַנען ווייסט דאס רש"י?

— די ראשי-תיבות פון „אמת" זענען: ארון, מיטה, תכריכים. דאס איז דער חסד, וואס מען טהוט דאך מיט מתים.

## דער רבי מיט'ן תלמיד

וקברתני בקבורתם" (מ"ז, ל').

אַ מלמד לערנט חומש מיט זיין תלמיד, אַ ישוב'ניק'ס א זוהנדעל; ער פערטייטש איהם דעם פסוק:

— וקברתני — און דו וועסט מיך בעגראבען — און הייסט דעם תלמיד איבערזאגען דעם טייטש:

— וקברתני — און איך וועל אייך בעגראבען — ציהט דאס יונגעל דעם טייטש.

— ניין! נישט: „און איך וועל אייך בעגראבען" — נאר: „און דו וועסט מיך בעגראבען"! — בעסערט איהם אויס דער מלמד.

— וקברתני — און איך וועל אייך בעגראבען — דרוז'ט דאס יונגעל נאכאמאל איבער דעם פזמון.

דער מלמד צעבייזערט זיך און זידעלט זיין תלמיד:

— פויערישער קאפ! וויפיל מאל ברויך איך דיר אריינ-האקען אין קאפ דעם טייטש: וקברתני — דו וועסט מיך בעג-ראבען.

דער תלמיד שטעלט-אויס אויף דעם רבי'ן זיינע קעלבער-נע אויגען און זאגט:

— איך פערשטעה אייך נישט, רבי. נישט גענוג וואס איך איהרץ אייך, בייזערט איהר זיך נאך?...

## ווען א פוקס איז פרעזעס

וישתחו ישראל (מ"ז, ל"א).

רש"י זאגט דערויף: תעלא בעדניה סגיד ליה.

דער קעלמער מגיד ד'האט געוואלט האלטען א דרשה אין קעניגסבערג. כמנהגו, איז ער געגאנגען צום פרעזעס פון דער קולטוס-געמיינדע, וועלכער האט געהייסען פוקס, נאך אנ'ערלוי-בניש. אזוי ווי דער מגיד איז געווען הויך געוואקסען, האט ער ביים אריינגעהען צום פרעזעס זיך געמוזט אביסעל איינבויגען. דער פרעזעס ד'האט מיט א שמייכעל אויף די ליפען געפרעגט דעם מגיד:

— איך בין דאך נישט קיין שר ושופט, טא פארוואס בוקט איהר זיך צו מיר?

דער מגיד האט געענטפערט:

— איך וויים, אז איהר זענט נישט קיין שר ושופט. א-בער אונזערע חכמים זאגען דאך: „תעלא בעדניה סגיד ליה". איז דער טייטש, ווען א פוקס איז פרעזעס — בוק זיך צו איהם!...

## א מגיד וויסט א קרענק

ויאמר ליוסף: הנה אביך חולה (מ"ח, א').

רש״י זאגט דערויף: „אחד מן המגידים״. פון דאנען שטאמט די פאלקסמיטליכע רעדענסארט, וואס איז א שטאך-ווארט אויף וואנדערדיגע מגידים-דרשנים: „א מגיד ווייסט א קרענק״...

## מיט א דרעה מיט דער נאז

כי באפם הרגו איש (מ״ט, ו׳).

פרומע יודען זענען זיך נוהג, אז ווען מען פרעגט זיי א מיינונג וועגען א שידוך, צו דער חתן אדער די כלה זענען ארענטליך, און אויב עס איז ווירקליך דא דערביי עפעס וואס צו „רעדען״ אויף זיי, איז, אזוי ווי לויט דעם דין טאר מען נישט רעדען קיין לשון הרע, טהוען זיי זיך אנ׳עצה און גיבען, אלס ענטפער, בלויז א דרעה מיט דער נאז, דער פרעגער פער־שטעהט שוין, וואס אזא דרעה מיט דער נאז בעדייט... דאס פאלק זאגט אויף די נאז-דרעהערס: „כי באפם הרגו איש״ — מיט דער נאז הרג׳ענען זיי א מענש...

## הערשקע ווייןהענדלער

אסרי לגפן עירה — ולשרקה בני אתונו (מ״ט, י״א).

א רב אין א שטאדט האט געהאט א זוהן, א וויין-הענ־דלער מיט׳ן נאמען הערשקע. אזוי ווי די איבעריגע וויינהענ־דלערס האבען קאנקורירט מיט דעם רב׳ס זוהנדעל, האט דער־פאר דער רב ארויסגעגעבען אנ׳איסור פון יין-נסך אויף די וויי־נען פון זיין זוהנ׳ס קאנקורענטען. איינער, א לץ, האט געזאגט, אז ערשט איצט פערשטעהט ער דעם פשט פון פסוק: „אסרי לגפן עירה — ולשרקה בני אתונו״, ד. ה. אסרי — דער רב אסר׳ט; לגפן — די וויינען; עירה — פון דער שטאדט; ולשרקה בני אתונו — ווייל זיין זוהן, הערשקע׳ס שונאים, זענען די וויינ־הענדלערס...



# חומש-פאָלקלאָר

אַלע פאָלקסטימליכע דבורים, גלייכווערטלעך, הלצות, אַנעקדאָטען און פאָלקסטייטשען, וואָס בעציהען זיך אויפ׳ן חומש. צוזאַמענגעקליבען פון פאָלקס-מויל לויט די סדרות, סטיליזירט און קאָמענטירט דורך

## הרב ישעיה זלאטניק (ה. י. זהבי)

## חומש-פאָלקלאָר —

א מתנה דעם פאָלק זיין אייגען ווערק!!!

צווייטער באנד { שמות / ויקרא

ערשטע [redacted]

צווייטע סעריע.

ווארשא, תרצ״ח.

# פרשת שמות

## אנ׳אקושערין איז קלוג

כי חיות הנה... (א׳, י״ט).

דער תרגום אונקלוס מאכט אויף „כי חיות הנה״. ארי חכימין הן, ווייל זיי זענען קלוג. פרעגט די וועלט: פון וואנען דרינגט דאס דער תרגום, אז א מילדת, אנ׳אקושערין, איז קלוג? דער תירוץ איז, אז אונקלוס האט דאס גענומען פון דעם מאמר חז״ל אין פרק: „איזהו חכם? הרואה את הנולד״...

## א פערגיטיגונג פאר די אקושערקעס

וייטב אלהים למילדות וירב העם ויעצמו מאד (א׳, כ׳).

מיט וואס האט דאס גאָט פערגיטיגט די יודישע אקושער-קעס?

— מיט דעם: „וירב העם ויעצמו מאד״! ווארום אז יודען האבען א סך געקינדעלט, האבען ממילא דערפון די אקושערקעס געהאט א סך פרנסה... (הגאון ר׳ יצחק קארו).

## פרעה איז שולדיג אין ברן-געבען

כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו וכל הבת תחיון (א׳, כ״ב).

פארוואס איז היינט א מאָדע, אז די כלות מוזען געבען

גדן זייערע חתנים? מיר געפונען דאך, אז פארצייטענס האט גאר, פערקעהרט, דער חתן בעצאהלט פאר דער כלה, ווי א שטייגער אונזער יעקב אבינו, וואס האט געארבייט ביי לבנ'ען אזוי שווער, אבי צו בעקומען זיין טאכטער רחל פאר א ווייב; אויך פריהער האט אליעזר געגעבען מתנות דעם מחותן בתואל, כדי ער זאל געבען זיין טאכטער רבקה פאר א ווייב צו זיין האר יצחק?

איז דער ענטפער: — אין דעם איז שולדיג נאר פרעה, ימח שמו! ווייל זינט ער האט ארויסגעגעבען זיין גזירה צו ווארפען אלע יונגלעך אין וואסער אריין, פון יענער צייט אן האט זיך די צאהל מיידלעך פערמעהרט אזוי, דאס אויף צעהן כלות פאלט אויס איין חתן, דעריבער זענען חתנים געווארען שטארק „חריף” און מיידלעך מוזען געבען נדן...

## פרעה'ס גזירה

כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו וכל הבת תחיון.

פארוואס האט פרעה ארויסגעגעבען זיין גזירה נאר אויף די יודישע זיהן און נישט אויך אויף די יודישע טעכטער?

— ווייל מיט די יודישע טעכטער, איז פרעה שטענדיג פערטיג געווען: זיי געהען דאך אין גויעשע עגיפטישע שקאלעס, און דערפאר איז ער געווען זיכער, אז קיין שטארקע יודישקעס וועט פון זיי שוין קיינמאל נישט ארויסקומען. מורא האט פרעה נאר געהאט פאר די יודישע יונגעלייט, וואס די עלטערן האלטען זיי אין חדרים און ישיבות, אט זיי, — האט פרעה פערשטאנען, — וועט נישט אזוי לייכט אנקומען צו אסימילירען און דערפאר האט ער זיי געוואלט פערניכטען...

## וואס איז פרעה אויסען געווען?

וכל הבת תחיון.

פארוואס האט פרעה געהייסען אריינוואַרפען אין וואסער נאר די זכרים און נישט די נקבות?

— ווייל ער האט געוויסט, אז קוים וועלען נישט זיין קיין זכרים — וועלען זיך דאן די מיידלעך אליין אריינוואַרפען אין וואסער...

## ווען א טאטע האָט 7 טעכטער

ולכהן מדין שבע בנות (ב׳, ט״ז).

צו וואס דערצעהלט אונז די תורה, אז יתרו האט געהאט זיבען טעכטער?

— ווייל אין פלוג איז דאך אויף יתרו׳ן קשה: ווי אזוי געהט דאס א פאטער און גיט אוועק זיין טאכטער פאר א ווייב צו א ווילד פרעמדען מענש, וואס קיינער קאָן איהם נישט און ווייסט נישט זיין פערגאנגענהייט און אבשטאמונג? אָט די קשיא פערענטפערט טאקע דער פסוק: ולכהן מדין שבע בנות. יתרו האט געהאט נישט וועניגער ווי זיבען טעכטער, און א טאַטע, וואס האט זיבען בוגרות׳ן, טאָר, דוכט זיך, שוין נישט זיין קיין איבערקלויבער...

## אויסגעשלאָסען יורען פון דער אמנעסטיע

וימת מלך מצרים ויאנחו בני ישראל (ב׳, כ״ג).

פארוואס האבען דאס יודען אזוי שטארק געקלאגט און געזיפצט, ווען דער מלך מצרים איז געשטארבען? שוין-זשע איז זיי אפשר א שאָד געוועזן דער דאזיגער מלך, דער צורר היהודים?

די סיבה פון דעם קלאגען איז געוועזן אָט דאס: כידוע, איז

דער סדר־העולם, אז ווען עס שטארבט א קעניג אין א לאנד, גיט ארויס דער נייער מלך, וואס בעשטייגט נאך איהם דעם טראָהן, א מאניפעסט, אין וועלכען ער אמנעסטירט אלע פער־שקלאפטע און פעראורטיילטע אונטערטאנען. נאכ׳ן טויט פון מלך מצרים האבען די יודען געהאָפט, אז דער נייער מלך וועט אויך זיי, צוזאמען מיט אלע אנדערע פערשקלאפטע בעפרייען, האט מען אבער ספעציעל די יודען אויסגעשלאסען פון צו גע־ניסען פון דער אמנעסטיע און דערפאר האבען זיי אזוי שטארק געקלאגט...

## יודען ווייסען אלע נייעס

וגם ראיתי את הלחץ אשר מצרים לוחצים אותם (ג׳, ט׳).

פארוואס ווייסען יודען שטענדיג אלע נייעסען פריהער פון נישט־יודען?

— ווייל יודען געפונען זיך שטענדיג אונטער׳ן דרוק...



# פרשת וארא

## פאַרוואָס משה האָט מורא געהאַט?

הן בני ישראל לא שמעו אלי ואיך ישמעני פרעה (ו׳, י״ב).

משה רבנו האט מורא געהאט, טאמער וועט מיט זיין שליחות געשעהען דאס זעלבע, וואס עס האט פאסירט דערנאך מיט יונה הנביא, אז די גויים האבען יא געגלויבט אין זיין נביאות און יודען — נישט, און דערפאר איז דעמאלט ענטשטאנען א גרויסער קטרוג אויף יודען. און דאס איז דער טייטש פון פסוק: הן בני ישראל לא שמעו אלי״ — איך זעה דאך, אז די יודען האבען זיך אויסגעלאכט פון מיין נביאות וועגען זייער קינפטיגער גאולה, ואיך ישמעני פרעה — טאָ ווי וועט זיין, אויב פרעה, דער גוי, וועט מיך יאָ האָרכען און פאלגען? ווי אזוי וועל איך פאר בושה קאָנען דעמאלט אויפהויבען די אויגען?...

(א פאלקס-טייטש; דערנאך געפונען אויך אין ספר „כתב סופר״ אויף תורה).

## פאַרוואָס איז משה געווען א שטאמלער

ואני ערל שפתים (ו׳, י״ב).

פארוואס איז צפעס משה רבנו, דער גרעסטער נביא, גע-

ווען א שטאמלער ?

— כדי די יודען זאלען איהם נישט מאכען פאר א גאָט, אזוי ווי עס האבען פיל פעלקער פערגעטערט זייערע גרויסע פיהרערס, דערפאר האט משה געהאט א שטארקען דעפעקט אין כח-הדיבור (וואס דאס איז „מותר אדם מן הבהמה") צו ווייזען דער וועלט, אז ער איז נאך אלץ נישט קיין מושלם, און איז נאך ווייט פון צו זיין א גאָט...

נאך א פירוש:

— פארוואס האט עפעס משה געדארפט זיין א ערל-שפתים, א שטאמלער?

— ווייל משה'ס מיסיע, דאס אויסלייזען די יודען פון מצרים, איז געווען א זעהר נויטיגע און דרינגענדע זאך. מ'האט נישט געקענט ווארטען אויף לאנגע מליצה'דיגע אונטערהאנד-לונגען מיט פרעה'ן, דערפאר האט די השגחה געמאכט, אז משה זאָל זיין אַ כבד-פה און א כבד-לשון: ער זאל נישט קאנען א סך און לאנג רעדען, נאָר זאגען קורץ צו פרעה'ן:

— שלח את עמי — שיק ארויס מיין פאָלק!...

# אין פרשת וארא מוז די פראָסט פלאַצען

קרח ונפג וזכרי (ו', כ"א).

ווינטער מוז דער שטארקסטער פראָסט פלאַצען אין דער וואָך ווען עס געהט די פרשה „וארא", אזוי ווי עס שטעהט אין דער סדרה: קרח — דאס אייז, ונפג — צערגעהט (נפג אויף העברעאיש — אויסגעוועפט, צערגאנגען), וזכרי — דאס בלייבט א זכרון לדורות!... (א פאלקס-מדרש).

## דער קץ-הגאולה איז א סוד

ובני עוזיאל מישאל ואלצפן וסתרי (ו׳, כ״ב).

אין ספר „שלשלת הקבלה" ווערט דערציילט, אז א גדול בישראל האט אמאל געמאכט א שאלת-חלום וועגן דעם קץ פון דער גאולה. האט מען איהם געענטפערט מיט די ווערטער: „מישאל ואלצפן וסתרי". האט דער גדול פון דעם דאזיגען ענטפער פערשטאנען, אז וועגן דעם קץ-הגאולה טאר מען כלל נישט פרעגען און חקר׳ענען. ווייל ער האט אויסגעטייטשט די ווערטער אזוי: מי שאל — ווי קאן מען אזא זאך פרעגען, ואל צפן — אין דער צייט ווען גאט וויל עס בסוד האלטען, וסתרי — און דערפאר מוז עס בעטראכט ווערען פאר א דבר-סתר, וואס קאן נישט ענטדעקט ווערען.

## פרעה וועט דערקוויקען די יודישע פיה...

והנה לא מת ממקנה ישראל... ויכבד לב פרעה (ט׳, ז׳).

פארוואס איז פרעה נישט בעסער געווארען נאכדעם, ווי ער האט געליטען אזא מפלה, אז דאס גאנצע פיה פון די מצריים איז געפאלען פון דער מגפה?

— ווייל אזוי, ווי ער איז געוואויער געווארען, אז די מגפה האט געשאנעוועט די בהמות פון די יודען, האט ער זיך שוין מעהר נישט געזארגט: ער וועט די „מקנה-ישראל" צונעהמען פאר די שטייערען, וואס די יודען זענען איהם שולדיג...

## א טייטש פון אן׳עם-הארצ׳ישען רבי

הפשתה והשעורה נכתה, כי השעורה אביב, והפשתה גבעול, והחטה והכסמת לא נכו, כי אפילות הנה. (ט׳, ל״א).

אג׳עם-הארצ׳ישער רבי האט געזאלט אזוי אויסטייטשען דעם פסוק: הפשתה — דער פשוט׳ער יוד, דער פרומער, וואס האט פיינט צו חקר׳ענען זיך; והשעורה — און דער צדיק, וואס גאָט איז מיט איהם מדקדק כחוט השערה, נכתה — זיי ווערען געשלאָגען און געלייטערט דורך צרות און יסורים. כי השעורה — וואָרום דער צדיק, וואס הייסט שעורה, אביב — דינט זיין פאָטער אין הימעל („אביב" פון לשון „אביו"), והפשתה — און דער פשוט׳ער יוד, גבעול — איז מגביל (פון לשון: גבול — גרעניץ, צוים) און צוימט אלע זיינע תאוות; והחטה — אָבער דער חוטא, דער זינדיגער (חטה פון לשון „חוטא"), והכסמת — און דער בעפלעקטער (כסמת — פון לשון כתם — א פלעק) דאס הייסט די רשעים, לא נכו — זיי ווערען נישט געשלאָגען מיט צרות און יסורים אויף דער וועלט; כי אפילות הנה — ווייל זיי וועלען דאך האבען א געגוג „שווארצען סוף" אויף יענער וועלט...



# פרשת בא

## וואָס דער חסיד האָט געענטפערט

בא אל פרעה (י׳, א׳).

א קלוגער יוד, א חסיד, וואס האט שוין געהאט זיינע בעשטימטע שבתים, אין וועלכע ער האט פערברענגט ביים רבי׳ן, פלעגט אלע יאָהרען „פאָהרען" אויף שבת פרשת בשלח, וואס איז, כידוע, איינצייטיג אויך שבת שירה. מאכט זיך א פאל און דער חסיד איז איינמאל געקומען צום רבי׳ן אויף א שבת פריהער, ד. ה. אויף שבת פרשת בא. האט דאס גע׳חידוש׳ט דעם גבאי און ער האט געפרעגט דעם חסיד די סיבה פון זיין פריהערקומען. דער חסיד האָט געענטפערט:

— עס שטעהט אין דער גמרא קידושין: „מצוה בו יותר מבשליחו" — ס׳איז מעהר מצוה צו קומען אויף פרשת בא (בו), ווי אויף פרשת בשלח...

## צוויי ניסים

למען שיתי אותותי אלה בקרבו (י׳, א׳).

א נס, וואס פרעה האט נישט בעקומען מעהר ווי צעהן מכות, און א נס איז אויך, וואס המן האט נישט געהאט מעהר ווי צעהן בנים. וואָרום, כידוע, דארף מען צעהלען אין דער הגדה ביים סדר די מכות: דם, צפרדע... און דערביי אבטריפען מיט׳ן פינגער פון כוס א טראָפ וויין ביי יעדער מכה. היינט-

זשע, ווען פרעה וואָלט בעקומען נאָך מעהר מכּות, וואלט דאן פון כּוס וויין גארנישט געבליבען... ווען דהמן, ווידער, וואלט געהאט נאָך מעהר ווי צעהן בנים, וואלט דער בעל־קורא, לייענענדיג אין דער מגילה זייערע נעמען בנשימה אחת, מיט איין אָטעם, חלילה, דערשטיקט געווארען...

## בלינדע עסען אַ סך

ולא יוכל לראות... ואכל את יתר הפליטה (י׳, ה׳).

די טבע פון א בלינדען איז, צו עסען אהן א שיעור אין אהן א גבול. אזוי ווי עס שטעהט אין דער גמרא יומא: „אמר רב יוסף: מכאן רמז לסומין, שאוכלין ואינם שבעים". און דאס מיינט דא אויך דער פסוק, אז דער היישעריק וועט צוליב זיין בלינדקייט זיין א שרעקליכער זולל־וסובא...

(א פאלקס־טייטש).

## פאַרוואָס ער לאַכט

ולכל בני ישראל לא יחרץ כלב (י״א, ז׳).

א יוד דערצעהלט אין בית־המדרש, אז ער האט דערהאלטען פון א דארפס־יוד א בריוועל, אין וועלכען ער שרייבט דאס ווארט „כלב", הונד, מיט די בוכשטאבען כ, ל, פ, (כלף). דער גאנצער עולם לאכט פון דעם פעהלערהאפטען אויסלייגעכץ. אבער מעהר פון אלע האט געלאכט א יוד, וואס האט זיך שוין געהאט קונה שם געווען אין דער גאנצער סביבה פאר א געזונד׳טען עם־הארץ. איינער פון עולם איז געווען א בעלן צו וויסען, וואס דעם גראבען יונג׳ס געלעכטער בעדייט, און ער האט איהם וועגען דעם געפרעגט:

— פארוואס זאל איך נישט לאכען, — האט יענער געענטפערט, — א מענש זאל נישט וויסען, אז כלב לעגט זיך אויס מיט א קוף!

# ווי אויף דער לונג — אזוי אויף דער צונג

ולכל בני ישראל לא יחרץ כלב לשונו.

ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאנער האט אויסגעטייטשט דאס ווארט „יחרץ" פון לשון „חריצות" און ערמה. דאס הייסט, אז פאר יודען פאסט נישט צו רעדען דיפלאמאטיש „אחת בפה ואחת בלב", מיט׳ן מויל אנדערש ווי אין הארצען. נאר עס דארף זיין: כלב לשונו (כלב פון ווארט „לב") — ווי אין הארצען אזוי אויף דער צונג...

# א רמז אויפ׳ן רמב״ם

למען רבות מופתי בארץ מצרים (י״א, ט׳).

מ׳האט געפרעגט דעם גאון ר׳ משה סופר (מחבר פון „חתם סופר"): וואו איז דא אין דער תורה א רמז אויפ׳ן רמב״ם (רבינו משה בן מיימון)? ווייל, כידוע, איז דאך, „ליכא מידי דלא רמיזא באורייתא" — ס׳איז נישט דא קיין זאך, וואס זאל נישט זיין אנגעמערקט אין דער תורה.

דער גאון האט געענטפערט, אז אין דעם פסוק: „למען רבות מופתי בארץ מצרים" געפונט זיך א רמז אויפ׳ן רמב״ם. ווארום די ראשי תיבות פון די ווערטער: „רבות מופתי בארץ מצרים" זענען: רמב״ם (ווי בעוואוסט האט דער רמב״ם געלעבט אין מצרים)...

# צווידייטיגער הכשר

וככה תאכלו אותו מתניכם חגורים (י״ב, א׳).

א סוחר פון מילכווארג, א יוד א רמאי, וואס זיין באמנות אויף כשרות איז געווען שטארק צווייפעלהאפט, האט

פערלאנגט פון דעם גאון „חתם סופר״, וועלכער איז געוועזן דאן רב אינ׳ם קליינעם שטעדטעל מאטערסדארף, ער זאל איהם געבען א הכשר אויף זיינע קעזען.

אזוי ווי דער „חתם סופר״ האט מורא געהאט איינצולייסען זיך מיט דעם מילכיגער, וואס איז געוועזן א תקיף און פעהיג אויפ׳ן געמיינסטען, דהאט ער זיך דערפאר געקליגט און אויפ־געשריבען אין הכשר מיט גרויסע אותיות דעם פרט פון דער סדרה (ס׳איז פונקט דאן געוועזן פרשת בא): „מתניכם חגורים״ — לויטן פשט פון תרגום״.

דאס שפיצעל פון „חתם סופר״ איז בעשטאנען אין דעם וואס דער תרגום פון „מתניכם חגורים״ איז: „דחרציכון יהון אסורין״ און „דחרציכון״ האט צוויי טייטשען: לענדען און קעז (דאס לעצטע פון לשון: דחריצי־דחלב). אזוי ארום האט דער אויסדריק געקענט מיינען: אייערע קעזען זענען אסור...



# פרשת בשלח

## אַ תורה פון אַ קלוגען רבי'ן

ולא נחם אלהים דרך ארץ פלשתים, כי קרוב הוא (י"ג, י"ז).

איינער אַ חסידישער רבי, ר' נחום, האט געהאט פיל געגנער, וועלכע האבען איהם מבזה געווען דערפאר, וואס ער איז, לויט זייער מיינונג, נישט גענוג פרום. איינמאל, בשעת'ן טיש-פראווען אין שבת, האט דער רבי ר' נחום, וואס איז, אגב, נישט געווען קיין בטלן, געזאגט די תורה:

— „ולא נחם אלהים" — אמת טאקע, אז נחום איז נישט קיין גאָט, אבער: אָבער דרך ארץ פלשתים! — די שקצים דאר-פען דאך פאר איהם דרך-ארץ האבען, כי קרוב הוא — ווארום ער איז דאך אַ קרוב, אנ'אייניקעל פון גוטע יודען!

## אַ טייטש פון אַנ'עם-הארץ

ד' ילחם לכם — ואתם תחרישון (י"ד, י"ד).

— פון דאנען איז געדרונגען, — האט אמאָל אַנ'עם-הארץ גע'דרשנ'ט, — אז דער אויבערשטער וויל נישט, אז דער מענש זאל זיך פערלאזען אויף ניסים. עס שטעהט: ד' ילחם לכם — גאט וועט אייך געבען ברויט (פון לחם — ברויט) ואתם תחרישון — אָבער איהר מוזט פריהער אקערן... (פון חרש — אקערן).

# פארוואָס אַ יוד ווערט אין אַמעריקאַ אַ חזן

אז ישיר (ט״ו, א׳).

פארוואָס ווערט עפּעס יעדער בטלן גלייך ווי ער קומט אראָב קיין אַמעריקאַ — א חזן ?

— דאס איז שוין אנ׳אלטע יודישע טבע: ווי נאָר מ׳קומט אריבער א ים, איז — אז ישיר...

# גויים פערציהען יודישע נעמען

אז ישיר משה.

כידוע, פיהרט זיך די וועלט, אז מען צערטעלט קינדער קליינערהייט און מען פערציהט זייערע נעמען; הייסט א קינד, למשל, משה, פערציהט מען זיין נאמען אויף: משה׳לע, אָדער: משה׳ל. ווערט ער אָבער עלטער און סטאלער, דאן רופט מען איהם איינפאך: „משה״. פרעגט זיך דערפאר א קשיא: פארוואָס שטעהט עפּעס אין פסוק גאר פערקעהרט: אין אָנהויב פון „אז ישיר״ שטעהט „משה״, און צום סוף גאָר: „משה׳ל״ (ומושל בגויים)? נאר די תורה איז דאָ מרמז אויף עפּעס אנדערש: אז די גויים פערענדערען און פערציהען תמיד די יודישע נעמען, ווי עס שטעהט: „משה ובני ישראל״, ד. ה. אז ביי יודען האט ער תמיד געהייסען משה; אָבער „מושל — בגויים״, די גויים האבען זיין נאמען „משה״ פערצויגען אויף משה׳ל (ומושל), ווי זייער שטייגער איז צו פערציהען יודישע נעמען: יוסף אויף יאָסעק, יצחק אויף איציק וכדומה...

# מרים איז געווען א למדנ׳טע

ותקח מרים הנביאה את התוף בידה (ט״ו, כ׳).

צו וואס דאַרף מרים געדאַרפט האָבען ביים זינגען אַ פייקעל? האט זי דען נישט געקאָנט זינגען צוגלייך מיט משה'ן און די בני ישראל אָהן אַ פּויק?

דער תירוץ איז, אַז מרים הנביאה איז שטאַרק בעגייס־טערט געוואָרען פון דעם נס פון ים־סוף, און זיך געוואָלט צו־זינגען בקול רם. איז דאָך, כידוע, „קול באשה ערוה”, איז זי דערפאַר געפאַלען אויף אַ המצאה, גענומען אַ פּויק און צוגע־פּויקט ביים זינגען, כדי צו פערטויבען די אויערען פון די מע־נער, אַז זיי זאָלען נישט הערען איהר פרויען־קול...

## ביי ווייבער איז קיין סוד נישט דאָ

ותקח מרים את התוף בידה.

פון וואַנען נעהמט זיך דאָס, וואָס מען זאָגט, אַז פאַר ווייבער איז קיין סוד נישטאָ, זיי האָבען ליב אַלץ אויסצוזאָגען?

— טאַקע פון דאַנען: עס שטעהט, אַז מרים הנביאה, ווי באַלד זי האט דערהערט דעם נס פון ים־סוף, האָט זי גלייך גענומען און אַלץ אויסגעפּויקט...

## נאָכ'ן אריבערגעהען דעם ים־סוף

ויסע משה את ישראל מים־סוף (ט"ו, כ"ב).

מען פרעגט: וואָס האָבען די יודען געטהון באַלד נאָכדעם, ווי זיי זענען אריבער דעם ים־סוף ?

און מען ענטפערט דערויף: זיי האָבען זיך אויסגעטריקענט די מלבושים!...

## אַ קשיא פון חומש אויפ'ן תהלים

בערב בשר לאכול ולחם בבקר (ט"ז, ח').

אז מ'וויל אויספּרובען א יונגעל, צו ער איז עפּעס שאַרפ-
זיניג פרעגט מען איהם אזא קשיא.

— פאַרוואָס שטעהט אין דער תורה: בערב בשר לאכול
— ביי נאַכט ברויך מען פלייש צו עסען, און אין תהלים שטעהט
פונקט פּערקעהרט: בבוקר יציץ וחלב (ודזלף) לערב — ביינאַכט
איז גאַר גוט מילך צו טרינקען?



# פרשת יתרו

## זיבען טעכטער — זיבען באַנקראָטען

וישמע יתרו (י״ח, א׳).

רש״י זאגט, אז יתרו האט געהאט זיבען נעמען. פרעגט די וועלט. פארוואס האט ער עפעס געהאט זיבען נעמען?

— נאר כידוע, האט יתרו געהאט זיבען טעכטער, אזוי ווי עס שטעהט: ולכהן מדין שבע בנות, האט ער נאך דעם חתונה־מאכען פון יעדער טאכטער, וואס דאס האט איהם, ווי דער שטייגער איז, בדיל־הדל געמאכט, געמוזט באַנקראָטירען און איבערבייטען אויפ׳ן שילד פון זיין קרעמעל זיין נאמען. אזוי ארום האט ער געמוזט האבען זיבען נעמען...

## ווער עס פערשפּילט אַ דין־תורה...

כי יהיה להם דבר — בא אלי (י״ח, ט״ז).

פארוואס שטעהט פריהער „להם״ — א מספר רבים, און דערנאך „בא״ — א מספר יחיד?

— ווייל אזוי איז שוין דער סדר העולם, אז דער בעל־דין, וואס געווינט די דין־תורה ביים רב, קומט צום זעלבען דיין נאך אמאָל; דער צווייטער אָבער, וואס האט פערשפּילט, וועט שוין דעם דיינ׳ס שוועל קיינמאל נישט איבערטרעטען...

# דעם ווארשאווער רבי'ס א טייטש

„כי יהיה להם דבר — בא אלי."

צום ווארשאווער רב, ר' בעריש מייזליש האט געפלעגט אריינצוקומען א יונגערמאן, א גרויסער מפולפל, וועלכער האט איהם כסדר פערדרעהט דעם קאפ מיט זיינע פלפול'דיגע קלאץ־קשיות, וואס זענען געווען בעגרינדעט אויפ'ן יסוד פון: „ווי וועט זיין?" א שאלה פון דעם סארט איז בעקאנט אין דער לומדישער וועלט אלס „מסתפקנא", אדער „היכי־תמצא".

דעם רב האבען ענדליך די דאזיגע שאלות דערעסען און ער האט זיך שוין מעהר נישט געוואלט אומקוקען אויף דעם אפטען גאסט און איהם נישט געבעטען זיצען. ווען דער מפולפל האט געפרעגט דעם רב וועגען דער סיבה פון אזא בעהאנדלען איהם, האט ר' בעריש איהם געזאגט אזא תורה:

— אין חומש שטעהט, אז משה האט געענטפערט אויף זיין שווער יתרו'ס פראגע: „מדוע אתה יושב לבדך וכל העם נצב עליך" מיט די ווערטער: „כי יהיה להם דבר — בא אלי", זענען דא שווער צוויי קשיות. דאס ערשטע: מיט דער דאזיגער תשובה ווערט דאך נאך אלץ נישט פערענטפערט, פארוואס משה זיצט און הייסט דעם עולם א גאנצען טאג שטעהן. דאס איז דאך בכלל נישט קיין „תשובה ממין השאלה"! — נאך א קשיא איז: פארוואס שטעהט עפעס: „כי יהיה להם דבר" א לשון עתיד, און — נישט כי „יש" להם — א לשון הוה? נאר איין קשיא ווערט פערענטפערט מיט דער צווייטער: משה האט געענטפערט יתרו'ן, אז דערפאר בעט ער נישט דאס פאלק זיצען, ווייל זיי פרעגען איהם נישט קיין שאלות פון ווירקליכען לעבען, נאר — „מסתפקנא"־שאלות, וואס זייער אינהאלט איז: „ווי וועט זיין, אויב עס וועט זיך טרעפען"... א זעלכע שאלות, וועלכע פערדרעהען איהם אומזיסט דעם קאפ, און דעריבער לאזט ער די פרעגערס שטעהן א גאנצען טאג...

# עשירים און אביונים

לא תרצח... לא תגנוב... (כ׳, י״ג).

פארוואס מעגען די עשירים עובר זיין אויף אלע לאוו׳ן פון דער תורה, און אנ׳אָרימאן קוים טהוט ער די קלענסטע עבירה ווערט באלד א „ויצעקו״?

— ווייל, ווען משה רבינו האט צערבראכען אויף שטיקער די לוחות, וועלכע זענען געווען, כידוע, לויטער דימענטען און ברי־ליאנטען, האבען זיך די יודען געוואָרפען צונויפזאמלען די שטי־קער איידעל־שטיינער. די גבירים, וואס האבען שטענדיג מזל, האט געדינט דאס גליק, און זיי האבען געכאפט די גרעסטע שטיקער, אויף וועלכע עס זענען געווען אויפגעשריבען די ווער־טער: תרצח, תנאף, תגנוב, און דערפאר מעגען זיי אלץ אָב־טהון, אָבער די אָרימע־לייט האבען געכאפט נאָר די קלייני־קע שטיקלעך, אויף וועלכע ס׳זענען געווען אויפגעשריבען בלויז די קורצע ווערטער: „לא; לא״ און דעריבער טארען זיי גאר גישט טהון...

# אויף אנ׳אלטער יוד טאָר נישט גנב׳ענען

לא תגנוב

צום בעוואוסטען שעדלעצער רב, ר׳ ברוך מרדכי, איז געקומען אנ׳אלטער אנגעזעהענער יוד און געפרעגט, צי ער מעג מעלים־זיין פון זיין נישט־יודישען שותף א גרויס פערדינסט, פון וועלכען זיין שותף וועט זיך קיינמאל נישט דערוויסען. דער־ביי האט דער אלטער יוד געגעבען דעם רב צו פערשטעהען, אז צוליב זיין אנגעזעהענקייט און בכבוד׳יגען פלאץ, וואס ער פערנעהמט אין דער געזעלשאפט, האט ער א סך אויסגאבען, ווי א שטייגער, אויף צדקה און וואוילטעטיגע צוועקען, פון וועלכען

זיין שותף, דער גוי איז, פערשטעהט זיך, פטור. ר׳ ברוך מרדכי האט איהם אזוי געענטפערט:

— אין עשרת הדברות (שמות) שטעהט דער לאוו: „לא תגנוב״ אין איינצאָהל (מספר יחיד). אין פרשת קדושים (ויקרא י״ט, י״א) שטעהט ווידער, דער אייגענער לאוו אין מעהר-צאהל (מספר רבים): לא תגנובו, — איז די מעשה דערפון אזוי: דער איינצאהליגער לאוו איז געזאָגט געווארען פאר יעדען געוועהנ-ליכען יודען. דער לאוו, דער מעהרצאהליגער, איז אבער ספעצ-יעל געשטעלט געווארען פאר אזא אנגעזעהענעם יוד ווי איהר, וועלכען די גאנצע וועלט איהר׳צט...

# גע׳ציטערט, גע׳חלש׳ט און נישט געטהון

ויירא העם וינועו ויעמדו מרחוק (כ׳, י״ח).

דאס פאָלק האט געזעהען די קולות און די בליצען און האט געציטערט פאר פחד, און דאך איז עס געבליבען שטעהען פון דער ווייטענס און נישט געהאט קיין חשק מקבל צו זיין די תורה...

(א פאָלקס-טייטש).



# פרשת משפטים

## דער וואָס קען נישט רש״י איז אַ גאון

א רייכער קאָווגער בעל־הבית האט אמאל געברענגט זיין זוהנדעל, א פערשטאפטען קאָפּ, צום רב ר׳ יצחק אלחנן, ער זאָל איהם פערהערען די שווערע רש״י פון פרשת משפטים. נאכ׳ן פערהערען רופט זיך אב דער גאון צום פאטער: אייער זוהן איז ווי א גאון! דער גליקליכער פאטער האט זיך צער־שמאלצען פאר נחת און אהיימגעגאנגען מלא שמחה. זיינע ווער־טער האט ר׳ יצחק אלחנן אויסגעטייטשט אזוי: ווי בעוואוסט, האבען זיך די גדולי ישראל אין יעדער היסטארישער תקופה אנדערש גערופען. פריהער האבען זיי געהייסען תנאים, דערנאך אמוראים, סבוראים, גאונים און צולעצט ערשט רבנים, צווישען וועלכע רש״י איז אויך פעררעכענט. דערפון איז צו זעהען, אז די גאונים, וועלכע האבען געלעבט אין א פריהערדיגער היסטאָרי־שער תקופה, האבען נישט געקענט רש״י׳ן. היינט־זשע, ווען דאס בחור׳ל קאן אויך נישט רש״י׳ן, איז ער דען נישט ווי א גאון ?...

## פייבע מענשען פערקויפען

כי תקנה עבד עברי (כ״א, ב׳).

פארוואס שטעהט דא נישט: „כי יקנה איש עבד עברי״,

פונקט אזוי ווי עס שטעהט ווייטער (פסוק ז׳): „וכי ימכור איש את בתו לאמה?״

— ווייל הייזער און גיטער קויפען זיך ס׳רוב אונמענשען, גראבע נפשות; פערקויפען אבער — פערקויפען ס׳רוב גאר פיינע מענשען פאר נויט...

## וואס איז יפתח געוועזן?

וכי יפתח איש בור (כ״א, ל״ג).

צום קוטנער רב, ר׳ יהושע׳לע, איז געקומען א מחבר, אנ׳עני בדעת, און געבעטען איהם, ער זאל געבען א הסכמה אויף זיינס א פלפול-חיבור. דער רב האט איהם אבגעזאגט זיין בקשה, מאטיווירענדיג זיין אבזאג דערמיט, וואס ער זעהט נישט, אז די וועלט זאל זיך נויטיגען אין אזעלכע ספרים, וואס זענען נישט, א שטייגער, ווי א „נודע-ביהודה״ אדער א „חתם-סופר״.

— אמת טאקע, — האט דער מחבר געענטפערט — אז מיין חיבור קאן זיך נישט פערמעסטען מיט׳ן „נודע ביהודה״. אבער איהר ווייסט דאך, אז מיט יעדען דור ווערען די תל-מידי-חכמים קלענער אין צאהל און שוואכער אין איכות און דערפאר זאגען אונזערע חכמים: „יפתח בדורו כשמואל בדורו״ — דער אונוויסענדער שופט יפתח איז געווען אין זיין דור אזוי גרויס ווי שמואל אין זיין דור.

— וואס? — האט דער גאון אויסגעשריגען — איהר גלייכט זיך גאר צו יפתח׳ן און האלט, אז אויך ער איז געווען א בור?!

— פון וואנען דרינגט איהר ווייטער, אז יפתח איז געווען א תלמיד חכם? — האט דער מחבר שוין דחוצפה׳דיג צוריק-געענטפערט.

ר׳ יהושע׳לע האט זיך פונאנדערגעלאכט און געוויזען איהם דעם פסוק פון דער תורה: „וכי יפתח איש בור״, ארויס-

רעדענדיג און פערטייטשענדיג איהם בלשון בתמידה: צי איז דען יפתח א בור, א גראבער יונג?

## א טייטש פון ר' מאיר'ל

ונקרב בעל-הבית אל האלהים אם לא שלח ידו במלאכת רעהו (כ"ב, ז').

אפילו א פראסטער יוד, א בעל-הבית, קען אויך ווערען נאהענט צו גאָט, אויב ער איז נאר אבגעהיטען פון מסיג-גבול צו זיין חבר אין דעם מסחר, וואס ער האנדעלט.

(אזוי האט געזאלט טייטשען ר' מאיר'ל פרעמישלאנער).

## קלוג זיך אונטערגע'חתמ'עט

מדבר שקר תרחק (כ"ג, ז').

א מחבר, א גרויסער אביון, האט זיך אנגעטשעפעט אן ר' יצחק אלחנן, ער זאל איהם דווקא געבען א הסכמה אויף זיינס א ספר, וואס איז געווען מלא טפשות... דער גאון, בטבע א גוטהארציגער, האט זיך נישט געקאנט אבטשעפען פון דעם ארימען מחבר און געהייסען זיין סעקרעטאר שרייבען די פערלאנגטע הסכמה. נאכ'ן איבערליינען די אלע שבחים, וואס דער סעקרעטאר האט געמוזט שרייבען וועגען מחבר און זיין ספר, האט דער גאון גענומען די פעדער, אבגערוקט 4 שורות פון הסכמה-טעקסט און זיך אונטערגעשריבען. די וועלכע האבען איהם איבערגעפרעגט, וואס דאס בעדייט, האט ער געענטפערט: איך בין מקיים: „מדבר שקר תרחק"...

## א לאָמער שוחד-נעהמער

כי השוחד יעור פקחים (כ"ג, ח').

א געוויסער ליטווישער רב, אויף וועמען מ'האט שטארק

גערעדט, אז ער נעהמט שוחד, איז אויף דער עלטער הינקעדיג געווארען. האט זיך דער עולם שטארק געוואונדערט: ווי קומט עס, וואס אנשטאט בלינד צו ווערען, אזוי ווי אין דער תורה שטעהט: כי השוחד יעור פקחים (שמות כ"ג, ח') — איז ער גאָר לאָם געווארען?

האָט אָבער ר' יאָשע בער אַזוי פערענטפערט: ווי בעוואוסט, זאגען אונזערע חכמים אין תלמוד (שבת קי"ג, ע"ב), אז פון צוגעשווינד געהען קאן מען בלינד ווערען (פסיעה גסה נוטלת אחת מחמש מאות ממאור עיניו של אדם), נו ווען דער רב וואלט גלייך בלינד געווארען, וואלט מען געקאנט מיינען, אז ס'איז כלל נישט צוליב שוחד נעהמען, נאר וויל ר'האט געמאכט א פסיעה גסה, יעצט אבער, ווען ערשט נאכ'ן הינקענדיג ווערען וועט ער בלינד ווערען, וועט די גאַנצע וועלט וויסען, אז ס'איז נאר א שטראף פאר'ן שוחד נעהמען...

## שוחד מאַכט בלינד נאָר קלוגע רבנים

אויף נאך א צווייטען רב, א נישט איבעריג קלוגען, האט מען אויך גערעדט, אז ער נעהמט שוחד פון בעל-דין בעת א דין תורה. דער דאזיגער רב האט זיך אבער געעלטערט אין יאהרען און נישט געוואלט בלינד ווערען...

האט זיך טאַקע דער עולם דערויף שטארק גע'חידוש'ט: פאַרוואס עס ווערט נישט מקוים אויפ'ן רב דער תורה'ס פאר-אויסגעזאגטע שטראף.

ר' יאשע בער האט עס ווידער פערענטפערט דערמיט, וואס אין דער תורה שטהעט, אז שוחד מאַכט בלינד נאר די קלוגע רבנים (כי השוחד יעור פקחים), אבער נישט קיין טפשים...



# פרשת תרומה

## תרומה געהט נאָך משפטים

נאָך דער סדרה משפטים געהט די סדרה תרומה. דאָס בעוויייזט, אז א מענש, וואס האט זיין פערמעגען נישט געמאכט אויפ'ן עהרליכען וועג, אויפ'ן וועג פון צדק און משפט, דעם וועט דאס צדקה-(תרומה)-געבען אויך גארנישט העלפען...

## תרומה — שייד דיך אָב פון חדר!

ס'איז דא א רעדענס-ארט, וואס ווערט בענוצט דורך קינדער: תרומה — שייד דיך אב פון חדר און געה אהיים! די רעדענס-ארט בעציהט זיך אויפ'ן מנהג, אז די קינדער לערנען אין ווינטער ביינאכט אין חדר פון פרשת לך-לך (זאגען קינדער: לך-לך — געה ביינאכט אין חדר אריין) ביז פרשת תרומה.

## גאָלד און זילבער

זהב וכסף (כ"ה, ג').

א רבי האט אמאָל געזאגט אזא תורה: ס'איז ידוע אז די מדרגה פון „סגל" איז העכער פון דער מדרגה פונ'ם „קמץ". ווארום „סגול" איז בבחינת „סגולה", און „קמץ" — פון לשון קמצנות. טאָ איז דאך קשיה: ווי קומט דאס עפּעס, וואס דער ניקוד פון כסף איז מיט סגל'ס, און — פון זהב מיט צוויי קמצים? א מעהר, גאלד איז דאך טייערער און איידעלער פון זילבער?

נאר דער תירוץ איז: אז דער דאזיגער ניקוד איז נאָר נוהג בעולם-הזה, אָבער ווען משיח וועט קומען, דאן וועט טאקע זיין: תורי זהב נעשה לך עם נקודות הכסף — דאס זהב וועט דעמאלט נתעלה ווערען און וועט דאבען די נקודות פון כסף — די צוויי סגל׳כ...

## דריי מינים צדקה

זהב וכסף ונחושת

עס זענען פארהאן דריי מינים צדקה: צדקה, וואס א יוד גיט, ווען ער איז געזונד; צדקה, וואס א יוד איז מנדר, ווען ער געפונט זיך אין א סכנה; און צדקה, וואס א טויט-קראנקער פערזאגט אין זיין צוואה, אז די יורשים זאלען נאך זיין טויט געבען כך-וכך. אט אויף די דריי סארטען צדקה זענען מרמז די ווערטער: זהב וכסף ונחושת: זהב, איז דער ראשי-תיבות פון „זה הנותן בריא" — וואס א מענש גיט געזונדערהייט; כסף — „כשיש סכנה, פחד" — ווען עס דראהט איהם א געפאהר; נחושת איז דער ראשי-תיבות פון „נתינת חולה שאומר תנו" — וואס א שכיב-מרע פערשרייבט אין זיין צוואה צדקה פאר אָרימע לייט...

## לויט אנ׳אנדערען נוסח

לויט אנ׳אנדערן נוסח האט דער רבי ר׳ מאיר׳ל פרימישליאנער געזאלט זאגען די תורה אויפ׳ן פסוק: „וזאת התרומה אשר תקחו מאתם זהב וכסף ונחושת":

— די תורה איז דא מרמז אויף דריי סאָרטען צדקה-געבערס: דער ערשטער סארט הייסט זהב, וואס מאכט אויף ראשי-תיבות: „זה הנותן בריא" — דער, וואס גיט צדקה אפילו, ווען ער איז נישט קראנק. דאס איז די גרעסטע מדרגה פון צדקה-געבען; דער צווייטער סאָרט צדקה-געבערס, וועלכער גיט צדקה נאר דאן, ווען ער איז קראנק און האט מורא פאר׳ן טויט,

הייסט כסף, וואס זיינע אָנפאַנגס-ווערטער מאכען: „קאָלי סמערט פּאָדכאָדיע", ד. ה. אויף אוקראַיניש: ווען ער האלט ביים שטאַר-בען, גיט ער געלט אויף צדקה; דער דריטער סאָרט איז דער ערגסטער, ווייל ער גיט קיינמאל נישט קיין צדקה, אפילו ווען דער חלף ליגט אויפ'ן האלז. אט דער סארט הייסט נחושת, וואס זיינע ראשי-תיבות מאכען ניע דאַם דזאָטש שייע טניע!
— כוועל נישט געבען קיין צדקה אפילו, ווען דו וועסט מיר דעם האלז איבערשניידען...

## שווער צו זיין ריין ווי גאָלד

מקשה אחת זהב טהור (כ"ה, ל"ו).

די שווערסטע זאך איז זהב טהור, אז דאס געלד פון מענש זאל זיין לויטער, ריין און עהרליך, אהן שווינדעל און גענאַרעריי.

לויט אנ'אנדערן נוסח: ס'איז זעהר שווער צו געפונען א מענש, וואס זאל זיין אזוי ריין ווי גאלד.

## עסען און לערנען

ועשית שלחן אמתים ארכו ואמה רחבו (כ"ה, כ"ג).

פארוואס איז דער ארון געווען אזוי ברייט ווי הויך, בעת די ברייט פונ'ם שולחן איז נישט געווען אין דער זעלבער מאָס, ווי זיין הויך?

— דאס בעווייזט, אז די הוצאות אויף עסען דארפען זיין קלענער, ווי די הוצאות אויף לערנען...



# פרשת תצוה

## דער נר-תמיד ביי יודען

להעלות נר תמיד (כ"ז, כ').

ביי יודען מוז תמיד פלאקערען דער נר תמיד — דאס ליכט פון תורה און אמת.

## איינגעהאלטען מיט'ן מויל

שפה יהיה לפיו (כ"ח, ל"ב).

א צוימעל דארף דער מענש אנטהון אויפ'ן מויל, כדי נישט צו רעדען קיין נארישקייטען, הבלים און נבול-פה.

(א פאלקס-טייטש).

## א פלפול אויף פורים

זרת ארכו וזרת רחבו (כ"ח, ט"ז).

פארוואס האט מען אויפגעהאנגען די בני המן?

— ווייל המן, כידיע, איז דאך געוועזן א הויכער, אזוי ווי עס שטעהט אין דער מגילה: „האגגי" (פון לשון גג), הויך ביז'ן דאך. זיין ווייב ווידער איז געוועזן א קליינע, ווי עס איז איהר נאמען זרש (זרת), וואס איז דער טייטש א האלבע אייל, אזוי ווי עס שטעהט אין חומש: „זרת ארכו וזרת רחבו". איז דאך אנצונעהמען, דאס זייערע קינדער זענען געוועזן מיטעלמע-

סיג, נישט דהויך און נישט קליין. און א כלל האבען מיר אין דער גמרא: „בינונים תלויים ועומדים״... די מיטעלע הענגען. דערפאר האבען די בני־המן קיין אויסנאהם נישט געקאנט זיין!...

## קוק אויף אייגענע מעלות!

לשם שבו ואחלמה (כ״ח, י״ט).

א חסיד איז געקומען פרעגען דעם רבי׳ן ר׳ מאיר׳ל פרעמישליאנער אנ׳עצה, צי ער זאל טהון דעם שידוך, וואס מען רעדט איהם פאר זיין טאכטער מיט א לייטישען חתן, וועמענ׳ס ברידער אבער זענען גרויסע הולטייעס. ר׳ מאיר׳ל האט איהם אויפגעמישט אין חומש דעם פסוק: ״לשם שבו ואחלמה״, וואס ער האט אזוי אויסגעטייטשט: — לשם שבו — קוק נאר אויף זיין אייגענעם שם, אויף זיינע אייגענע מעלות; ואחלמה — צו וואס טויג דיר דער ברודער זיינער; זאל זיך דיר דוכטען, אז דער חתן האט אינגאנצען קיין ברודער נישט?...

## א רב דארף קענען האלטען א דרשה

והיה על אהרן לשרת ונשמע קולו בבואו אל הקודש (כ״ח, ל״ה).

פון וואנען איז געדרונגען, אז בעת מען געהט אויפנעהמען א רב אין א שטאדט דארף מען איהם פריהער פרובען, צי ער קען האלטען א שענע דרשה?

— עס שטעהט: „ונשמע קולו בבואו אל הקודש״ — איי־דער מען נעהמט־אויף א „כלי־קודש״ דארף מען איהם פער־הערען, צי ער קען שען רעדען.

## א יוד דארף זיך נישט שעמען

ונשמע קולו בבואו אל הקודש.

א יוד דארף זיך נישט אויסבעהאלטען מיט זיין יודישקייט;

ער דארף זיך כלל נישט שעמען בעת'ן אויספיהרען זיינע רעלי־גיעזע צערעמאָניעס, אזוי ווי עס שטעהט: „ונשמע קולו בבואו אל הקודש".

(א חסידיש פאָלקס־וואָרט).

# אַ מנהיג דאַרף רעדען שטרענג

ונשמע קולו

אַ מנהיג ביי יודען דארף רעדען צום פאלק הויך, שטרענג און נישט אָבשרעקען זיך פאר קיינעם.



# פרשת כי תשא

## א תלמיד ביים „פערהערען" זיך

כי תשא (ל׳, י״ב).

א מלמד האט פערהערט זיין תלמיד די סדרה פון דער וואָך:

— זאג מיר — האט דער רבי געפרעגט — וואס איז דער טייטש פון „כי תשא"?

— צוויי ווערטער מיט א מאהל פערטייטשען, איז פאר מיר, רבי, צו שווער!

— און וואס איז דער טייטש פון „כי" ?

— דעם טייטש האב איך אָקאָרשט פערגעסען.

— און וואס איז דער טייטש פון „תשא" ?

— נו, אז מען ווייסט נישט איין ווארט איז שוין אנ׳אומגליק?...

## יעדער דרשן דרשנ׳ט פאר זיך

כי תשא את ראש בני ישראל לפקדיהם ונתנו איש כפר...

א חסידישער רבי, וואס איז געוועזן בבחינת „מכדה בעבירתו", געשלאגען אין דער עברי, האט אזוי אויסגעטייטשט דעם דאזיגען פסוק:

— כי תשא — אויב די ווילסט ווערען דערהויבען; ראש בני ישראל — זאלסט דו פאהרען צום רבי'ן (די ראשי-תיבות פון „ראש-בני-ישראל", מאכט: רבי); ונתנו — אויב דו וועסט דעמאלט געבען א פדיון; איש — ועסטו זיין א מענש, כופר — אויב דו וועסט נישט געבען קיין פדיון, וועסטו זיין די כפרה... (לויט אנ'אנדער'ן נוסח: כי תשא את ראש — אויב דו וועסט אויפנעהמען דעם רבי'ן, וועלכער איז דער „ראש-בני-ישראל" (א רמז דערויף, אז די ראשי-תיבות פון „ראש בני ישראל" מאכען: רבי); ונתנו א. אז. וו.).

## משה רבנו'ס אויפטהו

ונתנו איש כופר נפשו, ולא יהיה בהם נגף.

די וועלט פרעגט: צי האט דען משה רבינו נישט געקאנט צעה-לען די יודען, אז עס זאל דערביי קיין מכשול נישט געשעהען אויך אהן דעם מחצית השקל?

דער תירוץ איז, אז משה רבינו האט מורא געהאט, דאס ביים צעהלען ששים רבוא יודען קאן נאך, חלילה, קומען צו א קאטאסטראָפע צוליב ענגשאפט און שטופעניש, ווייל יעדער יוד וועט זיך אודאי רייסען צו זיין פון די ערשטע, האט ער דערפאר געהייסען, אז יעדער יוד, וואס וויל ווערען געצעהלט, זאל דער-ביי מוזען איינצאהלען א מחצית-השקל. אזוי-ארום וועט שוין נישט יעדער איינציגער זיך יאָגען צו זיין דער ערשטער פון די געצעהלטע...

## א בעל-עבירה גיט צדקה

זה יתנו כל העובר על הפקודים (ל', י"ג).

פון דאנען איז געדרונגען, אז בעלי-עבירות גיבען גיכער צדקה ווי שעהנע יודען...

## פון צדקה געבען ווערט מען נישט אָרעם

העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט (ל׳, ט״ו).

דער רייכער וועט דורכ׳ן איינקארגען נישט רייכער ווערען און דער ארימער וועט דורכ׳ן געבען נישט ארימער ווערען.

## ווער עס דאַרף היטען שבת

ושמרו בני ישראל את השבת (ל״א, ט״ז).

אנ׳אלטער משכיל, א מחלל שבת׳ניק, האט אמאל גע־שטראפט זיין ב׳נאָק, פארוואס ער שרייבט אין שבת. א יוד א חסיד, הערענדיג דאס, פרעגט איהם:

— און איהר טהוט נישט דאס זעלבע? איהר אליין רוי־כערט דען נישט בפרהסיא אין שבת?

— איך, אנ׳אלטער יוד שוין, מעגן! — האט זיך דער אלטער מחלל־שבת׳ניק פערענטפערט — ווייל עס שטעהט דאך אין דער תורה: ושמרו בני ישראל את השבת. נאר די קינדער פון ישראל ברויכען היטען דעם שבת, אבער איך בין שוין, דאכט זיך, גאנץ ווייט פון צו זיין א קינד...

## רבנים דאַרפען האַנדלען מיט הייוועז

ושמרו בני ישראל את השבת לדורותם.

ווי בעוואוסט, ציהען די רבנים אין קליינע שטעדטלעך זייער גאנצע חיונה פון דעם הייוועז־מסחר, וואס איז מאָנאָפּאָ־ליזירט אין זייערע הענד.

וואו איז דא א רמז דערויף אין דער תורה?

— עס שטעהט: ושמרו בני ישראל את השבת לדורותם.

איז דער טייטש: די יודען זאלען נעהמען ד׳זייוועז (ושמרו פון לשון „שמרים״, הייוען) ביי די דרשנים, רבנים, תלמידי-חכמים (אזוי איז דער ראשי-תיבות פון „דרתם״)...

## אוים היא לעולם...

ביני ובין בני ישראל אות היא לעולם (ל״א, י״ז).

דער בעוואוסטער וויסענשאפטסמאן, פראפ. גאלדציהער, איז געוועזן סעקרעטאר פון דער בודאפעשטער קהלה. אויף דער עלטער איז ער איבערגעגאנגען אין עמעריטור. ווען דער עולם אינטערעסאנטען, יודען און יודענעס, וועלכע האבען נישט גע-וואוסט, אז גאלדציהער האט אויפגעגעבען זיין אמט אין דער קהלה, זענען צומארגענס נאך זיין צוריקטרעטען געקומען א היים צו גאלדציהער׳ן און, ווי דער שטייגער איז, געבעטען פון איהם פערשידענע טובות פאר זיך, האט דער געלעהרטער געזאגט צו זיי אויפ׳ן קול:

— אחינו בני ישראל! איהר מיינט אוודאי, אז איך בין נאך אנגעשטעלט אין דער קהלה, טא זאלט איהר וויסען, דאס „ביני ובין בני ישראל״ אוים (אות) היא לעולם!...



# פרשת ויקהל

## אַ קניש און אַ וואַרעניק...

ויקהל (ל״ה, א׳).

אנ׳אלטען בעל-הבית, אנ׳עם-הארץ, וואס האט זיך אבער געהאלטען פאר א קענער אין די קליינע אותיות, האט מען אמאל געפרעגט:

— וואס איז דער טייטש פון „ויקהל״ ?

דער באלאבאן האט אויפגעמישט דאס חומש און האט דארט דערזעהען, אז דער תרגום אויף „ויקהל״ מאכט: „ואכניש״. ער האט דערפאר גאנץ דרייסט געענטפערט, אז דער טייטש פון „ויקהל״ איז — „א קניש״!

הערענדיג דעם טייערען טייטש, האט דער עולם איהם ווידער געפרעגט:

— און וואס איז דער טייטש פון „פקודי״?

דער עם-הארץ האט שוין מעהר נישט אריינגעקוקט אין חומש, נאר גלייך געענטפערט:

— אויב ויקהל איז א קניש, איז אַוודאי פקודי אַ וואַרעניק.

## ויקהל-פקודי געהען צוזאַמען

— פאַרוואס געהען עפּעס ויקהל-פקודי שטענדיג צוזאַמען?

— ווייל בעת אַ גליטש טאר איינער נישט געהען אַליין!

(אונפערשטענדליך פאָלקס-ווארט)

## ויקהל — מאך א שהכל...

ויקהל — מאך א שהכל, פקודי — מאך א סעודה.

דער זין פון דער אלטער רעדענסארט, וואס ווערט בענוצט אממייסטען דורך קינדער, איז נאך נישט דערקלערט געווארען דורך די פאלקלאר-פארשער. עס גלויבט זיך עפעס נישט, אז די רעדענסארט זאל זיין נישט מעהר ווי א קינדער-גראם.

יהודה עלזעט (אין זיין „דאוונען") מיינט, אז דער זין פון רעדענסארט זאל זיין דאס, וואס אין אנ'עיבור-יאהר הערען אויף די קינדער לערנען אין חדר בייגאכט אין דער וואך פון פרשת פקודי און צוליב דער דאזיגער „גאולה" מאכען די קינדער דעמאלט א סעודה.

עס איז אבער כלל נישט בעקאנט, אז בעת'ן אויפהערען צו לערנען בייגאכט זאלען גאר קינדער איבערהויפט מאכען א סעודה. עס שיינט מיר, אז דער זין פון דער רעדענסארט איז אזא: כידוע, פאלט אויס פורים כמעט שטענדיג אין א נישט-איבער-יאהר אין פרשת „כי תשא". יודען אין פורים לאזען זיך, כידוע, וואוילגעהן, מאכען א גאר פיינע סעודה אין שיכור'ן טאקע אויך אבוסעל... פון די דאזיגע גוטע זאכען, פון סעודה-קוכען און פון בראנפען בלייבען איבער געוועהנליך שיריים אויך אויף דער נאהענטסטער וואך — פרשת „ויקהל-פקודי". דערפאר זאגט די רעדענסארט: „ויקהל — מאך א שהכל; פקודי — מאך א סעודה"...

## א פיינע שבועה

שבת שבתון לד' (ל"ה, ב')

א יוד פון אונזערע מקומות געהט אום שבת אין בערלין אויף דער גרענאדירענשטראסע און זעהט, ווי א צווייטער יוד וויל קויפען ביי א יודישע קרעמערקע א חלה. דער קויפער בעטראכט די חלה און זאגט: „ע, דאס איז נישט קיין פריש-

געבאקענע חלה״!

צערבייזערט זיך די יודענע און שווערט: „ווי ס׳איז היינט שבת פון גאט — אזוי איז די חלה היינט געבאקען...״

## הערען און... געבען

ויצאו כל עדת בני־ישראל מלפני משה, ויבואו כל איש אשר נשאו לבו״ (ל״ה, כ׳)

דער סדר־העולם איז, אז ווען א רב געהט האלטען אין שוהל א דרשה וועגען מאכען עפעס א דבר־טוב, קומט זיך צונויף דער גאנצער עולם יודען אויסצוהערען די אגיטאציע־דרשה. ווען עס האלט אבער ביים עפענען די בייטעלעך און צעהלען די ממתקים, דאן קומט נאר א צעהנט־חלק פון פרי־הערדיגען עולם.

אט דאס דערצעהלט אונז אויך די תורה: ווען משה איז געגאנגען רעדען צו די יודען וועגען דער נויטיגער תרומה, שטעהט: „ויקהל משה את כל עדת בני ישראל״ — אלע יודען זענען געקומען אויסהערען משה רבינו׳ס דרשה. ווען עס האט אבער געהאלטען שוין ביים געבען, שטעהט: „ויצאו כל עדת בני־ישראל מלפני משה, ויבואו כל איש אשר נשאו לבו״ — דער עולם האט זיך שטיל ארויסגעשארט פון זאל און געקומען געבען זענען נאר געצעהלטע נדיבים, ברייטהארציגע מענשען...

## א טייטש פון א מתנגד

„ווי העמודים וחשוקיהם כסף וצפוי ראשיהם״ (ל״ו, ל״ח)

א מתנגד האט אמאל אויסגעטייטשט בדרך הלצה דעם פסוק אויף די רביים:

„ווי העמודים״ — די רבי׳לעך שטעהען זיך אזוי ווי די וו׳ין, ווי די האקעס (אין יודישען האט דאס ווארט: האק,

האָקע, צוויי בעדייטונגען: א געוועהנליכער האק, און אויך — שלימזל); וחשוקיהם כסף — זיי גלוסטען נאר נאך געלד; וצפוי ראשיהם — און זענען איינגעהילט מיט די טליתים איבער די קעפּ.



# פרשת ויקרא

## ווערמען האָט גאָט אויפגערופען?

ויקרא אל משה... (א׳, א׳)

שבת פרשת ויקרא האט דער גבאי אין שוהל אויפגערופען נאָכן לייענען צו „הגבה וגלילה״ דעם גביר פון דער שטאדט, א פראָסטאַק און אנ׳עם-הארץ צוזאמען מיט א געוויסען אביון. דער גביר האט זיך געפיהלט דערפון בעליידיגט און האט דערפאַר נישט געוואלט עולה לתורה זיין. דער רב, א קלוגער יוד, האט צוגערופען דעם גביר און, ווייזענדיג איהם אין חומש דעם אָנהויב פון דער סדרה ויקרא, האט ער צו איהם געזאָגט:

— דו דאַרפסט זיך כלל נישט בעליידיגען דערפון, וואס מען האט דיך ביים אויפרופען צוזאמענגעפאָרט מיט א קלענערען פון דיר, ווייל אויך אין דער הייגטיגער סדרה געפונען מיר די זעלבע פאַסירונג. עס שטעהט: „ויקרא אל משה״ — גאָט האט אויפגערופען משה׳ן. בעמערק אָבער, אז דאס ווארט „ויקרא״ לאָזט זיך אויס מיט אנ„אלף זעירא״, מיט א קליינער אלף. דאס הייסט, אז גאָט האט אויפגערופען משה׳ן צו זיך אין אוהל-מועד אריין צוזאמען מיט א קלענערען פון איהם. און דאָך געפונען מיר נישט אז משה זאל זיך האבען ענטזאָגט אנצונעמען דעם כיבוד. דעריבער ברויכסט דו אודאי עולה זיין צו הגבה!

## פאָן-ביק און פאָן-שאָף

„מן הבקר ומן הצאן״... (א׳ ב׳)

ווען דער בעקאנטער גביר, ר׳ שמעלקע האָרוויץ פון

לעמבערג, האט בעקומען פון עסטרייכישען קייזער פראנץ-יאָזעף דעם אדעל-טיטול „פאָן" זענען דערפון די גאליצישע יודען שטארק נתפעל געוואָרען, און אין די בתי-מדרשים אין קלייזלעך האבען חסידים געזוכט דערויף א רמז אין דער תורה. א בעוואוסטער חסידישער רבי האט דאמאָלט געזאגט, אז אויף דעם איז מרמז דער פסוק פון דער תורה שמות (ב׳, א׳): וילך איש מבית לוי — עס איז געגאנגען א מענש „פאָן" הויז לוי (בידוע זענען כמעט אלע אנגעהעריגע צו דער משפחה האָרוויץ — לוויים).

ווען דער לעמבערגער רב, ר׳ לייבעלע ברוידא, האט געהערט פון דעם רבי׳שען רמז, האט ער, שמייכלענדיג זיך אנגערופען:

— אויב אזוי, קומט דאָך דעם דר. ביק און דעם דר. שאָף (צוויי פראָמינענטע אסימילאַטאָרען אין לעמבערג) אודאי דער טיטול „פאָן", ווארום עס שטעהט דאָך בפירוש אין דער תורה: מן הבקר ומן הצאן „פאָן" ביק און „פאָן" שאָף...

# בעבען פון עדות-זאָגערס

אם לוא יגיד ונשא עונו... (ה׳, א׳)

דאס ווארט „לוא", ווי עס ווערט געשריבען לויט דער מסורה, איז דאך דאָ אנדערש געשריבען פון אלע „לא׳ס" אין דער תורה?

נאר דער פסוק מיינט דאָ די מענשען, וואס ווען מען רופט זיי צום בית-דין, זיי זאלען עדות זאגען בתורת „אם לא יגיד", בעבען זיי דאן און דערזאגען נישט אלץ קלאר, אזוי אז מען קען פון זייער זאגעכץ ארויסדרינגען אי א יא, אי א ניין, און די דיינים ווייסען דעריבער נישט וואס צו פסק׳ענען. אויף אזא עדות-זאגען איז מרמז דער פסוק: „אם לוא יגיד", מענשען, וואס פון זייער עדות זאגען קען מען דרינגען אי א יא (לו), אי א ניין (לא), ונשא עונו — פאר אזא ארט בעבען וועט דער עדות האבען די אייגענע שטראף, ווי פאר אינגאנצען נישט זאגען...

## מיט א קמץ אָדער מיט אַ חולם?

וקמץ הכהן ממנה... (ה׳, י״ב)

ווען דער גאון ר׳ אלעזר הכהן, רב אין פלאצק און פולטוסק, האט די חתונה געהאט, האט איהם א גדול געבענטשט מיט די ווערטער: עס זאל אויף דיר מקויים ווערען דער פסוק: וקמץ הכהן ממנה!

געמיינט האט דער גאון אזוי: אין תלמוד ירושלמי שטעהט, אז אין ארץ-ישראל האט מען געפרעגט א חתן נאך דער חתונה: „קמצת או חולמת" — צי האסט דו געמאכט א קמץ אדער א חולם? ד. ה. צי איז דיין פרוי א גוטע, וואס אויף איהר זאגט דער פסוק: מצא אשה מצא טוב (דאס ווארט „מצא" איז דאס מיט א קמץ), אדער צי איז זי א שלעכטע, וואס אויף איהר זאגט דער פסוק: „ומוצא אני מר ממות את האשה" (דאס ווארט „מוֹצא" איז דא מיט א חולם). דערפאר האט דער גדול געבענטשט דעם גאון ר׳ אלעזר הכהן, דאס ער זאל האבען געטראפען אזא פרוי, וואס וועגען איהר זאגט דער פסוק, „מצא" מיט א קמץ...

## א נעמער איז נישט קיין געבער

„וקמץ הכהן ממנה מלוא קמצו".

פונוואנען איז געדרונגען, אז די כלי-קודש, ווי רבנים, חזנים, שמשים א. א. וו. זענען נישט געוואוינט צו געבען, נאר צו נעמען?

— ווייל אומעטום, וואו עס שטעהט אין דער תורה, אז די פערציייטישע כלי-קודש, די כהנים, האבען גענומען, שטעהט דערביי דאס ווארט „מלא" (מיט א פולער האנד) ווי „מלוא קמצו", „מלוא חפניו", „מלוא המחתה", ד. ה. זיי האבען גענומען פאר זיך מיט א פולער האנד; דאגעגען ביי אוועקגעבען שטעהט

אין דער תורה: „ונתן באצבעו", „והזה באצבעו", „וטבל הכהן אצבעו", ד. ה. זיי האבען אויסגעגעבען קוים אויפ'ן פינגער...

## ערליך צו גאָט און לייט

נפש כי תחטא ומעלה מעל בה' — וכחש בעמיתו...
(ה', כ"א)

א מענש דארף צו זיין אי גוט צו גאט, אי גוט צו לייטען. איינס אהן צווייטען טויג נישט, אזוי ווי עס שטעהט: „נפש כי תחטא ומעלה מעל בה'" אויב א מענש איז שלעכט צו גאט און האט אין זיך קיין ברעקעל אמונה נישט, „וכחש בעמיתו" — איז ער אויך דאן פאלש צו מענשען...

(א פאלקס-תורה)



# פרשת צו

## א נדר און א נדבה

ואם נדר או נדבה זבח קרבנו (ד׳, ט״ז).

וואס איז דער חילוק פון א מתנה ביז א נדבה ?

— א מתנה גיט מען כדי יענעם מקרב צו זיין, און א נדבה, כדי פון יענעם פטור צו ווערען.

## אויב „ולבש“ — איז ער א כהן

ולבש הכהן... (ו׳, ג׳).

א יודיש שפריכוואָרט אין גאליציען זאָגט, אז „ולבש איז א כהן”.

געמיינט ווערט דא, אז מענשען קוקען אויף דעם מלבוש מעהר ווי אויף דער פערזאָן. געהט א מענש אין מלבושי־כבוד, ווערט ער געאַכטעט און געשעצט פון אלעמען, כאָטש אליין איז ער אינעווייניג א גארנישט...

## די מאירל׳ס א פירוש

ופשט את בגדיו ולבש בגדים אחרים (ו׳, ד׳)

דער בעוואוסטער רבי, ר׳ מאיר׳ל פרימישליאנער, האט אזוי אויסגעטייטשט דעם פסוק:

— ופשט את בגדיו — א מענש דארף תמיד געדענקען,

אז עס וועט קומען א טאָג, ווען מען וועט איהם אויסטהון זיינע געוועהנליכע בגדים; ולבש בגדים אחרים — און מען וועט איהם דעמאָלט אָנטהון אנדערע בגדים, ווייסע תכריכים; והוציא את הדשן — מ׳וועט דאן ארויספיהרען זיין „עפר ואפר״, זיין גוף; מחוץ למחנה — אויפ׳ן בית-עולם, וואס געפינט זיך אומעטום אויסער דער שטאדט; אל מקום טהור — אויפ׳ן הייליגען אָרט (אזוי הייסט דאס בית-הקברות); והאש על המזבח — און דאס פייער פון גיהנום; תוקד בו לא תכבה — ברענט דארט אהן אויפהער...

# א שוחט דאַרף זיין אויך א חזן

וישחט... (ח׳, ט״ו).

אויף דעם ווארט „וישחט״ שטעהט די נגינה (טראָפּ) „שלשלת״, וואס ווערט, כידוע, ביים מעביר זיין די סדרה און ביים לייענען לענגער געצויגען און געזונגען פון אלע אנדערע נגינות (טראָפּען). דאָס איז א רמז אויף דעם יודישען מנהג, אז א שוחט אין די קליינע שטעדטלעך איז גלייכצייטיג אויך דער חזן און מנגן, וואס זינגט און גארגעלט אויף אלע יודישע שמחות.

נאך א רמז איז דא דערויף אין תהלים: רוממות אל בג־רונם וחרב פיפיות בידם. ד. ה. ער האט א גאָרגעל צו זינגען און א חלף צו שחט׳ן...



# פרשת שמיני

## פרים הנשרפים

וכל בית ישראל יבכו את השריפה אשר שרף ד״ (י׳, ו׳).

דער פסוק ווערט אין פוילין בענוצט, בערת מען הערט א ידיעה וועגן א שרפה אין א יודיש שטעדטעל.

געמיינט ווערט דא, אז דאס אבגעברענטע שטעדטעל וועט מסתמא באלד שיקען משולחים אין אלע יודישע ישובים צו בע-טען הילף פאר די „פרים הנשרפים״. (אזוי הייסען די געליטענע פון א שרפה.)...

## ווען מעג מען טרינקען וויין?

יין ושכר אל תשת אתה ובניך אתך... (י׳, ח׳).

א חסידישער רבי (א טייל זאגען עס נאך פאר ר׳ הער-שעלע זידיטשיווער) האט אמאל געזאגט, אז אין די פסוקים איז דא א רמז אויף די צייטען, ווען א יוד מעג טרינקען וויין און אנדערע שארפע משקאות. ער האט עס אזוי אויסגעטייטשט:

— יין ושכר אל תשת — זאלסט קיין שום משקה נישט טרינקען סיידען: אתה ובניך אתך — ווען די זיצסט פסח ביים סדר צוזאמען מיט דיין גאנץ בני-בית, אדער ווען די פראוועסט מיט זיי שבת׳דיגע און יום-טוב׳דיגע סעודות; בבואכם אל אהל מועד — זאלסט שטעלען וויין, ווען דו קומסט צו א רבי׳נס טיש, וואוהין עס זאמלען זיך צונויף א סך חסידים; ולא תמותו—מעגסט

אויך טרינקען וויין בשעת א סעודת־הודאה, וואס דו מאכסט נאך א שווערע קרענק, ווען דו האסט כמעט שוין געהאלטען ביי די שערי־מות ר״ל; חקת עולם — דאס מיינט מען א ברית, וואו עס ווערט דארט געזאגט: „וחק בשארו שם״; לדורותם — דאס מיינט מען ווייטער א חתונה, וואו מען געהט אויפשטעלען דורות; להבדיל בין הקדש ובין החול — אויך זאלסט דו איבער וויין מאכען קידוש און הבדלה; ובין הטמא ובין הטהור — א שהכל, און דווקא א גאר שטארקען, זאלסט דו מאכען אויך אין פורים, ווען ס'איז דעמאלט א מצוה זיך אנצו'שיכור'ן עד דלא ידע בין ברוך מרדכי לארור המן; ולהורות את בני ישראל את כל החוקים — מען דארף מאכען א כוסה אויך בשעת מען מאכט א סיום אויף ש״ס...

## ווען ווערט די תורה צעריסען?

ואת שעיר החטאת דרש דרש משה (י', ט״ז).

נאך דעם ערשטען ווארט „דרש״ מאכט די מסורה א בע־מערקונג: „חצי התורה בתיבות דרש הכא ודרש הכא״.

די וועלט זאגט, אז דאס איז א רמז אויף די אָפטע מחלוקת'ן אין די שטעדט, וואו עס זענען דא צוויי רבנים. עס געשיהט דארטען, כידוע, אז וואס איין רב אסר'ט, איז דער צווייטער מתיר און אזוי ארום קומט עס צו חלול־השם און בזיון התורה. און דאס איז דער זין פון דער בעמערקונג פון דער מסורה אויף דרש דרש משה: אויב איין רב, וואס איז בבחינת משה, דרש'נט און פסק'ענט אזוי (דרש הכא), און דער צווייטער רב דרש'נט אנדערש (דרש הכא), ווערט דאן די תורה צעריסען און צוטיילט אויף צווייען (חצי התורה...).

לויט אנ'אנדערען נוסח איז דער טייטש פון דער מסורה אזוי: ווער איז דער שעיר החטאת, דער שולדיגער אין אלע מחלוקת'ן אין אומגליקען ביי יודען? דער דרש דרש משה—דאס,

וואס די רבנים רייסען און קריגען זיך ארום בייגאנדער: פסק׳־ענט איינער כשר, פסק׳ענט דער צווייטער טריפה און אזוי ווייטער...

## געהען וועט ער, אָבער געבען נישט!

ואת החזיר כי מפריס פרסה הוא (י״א, ד׳).

פאר וואס רופט מען א קאַרגען, א קמצן: חזיר?

— ווייל א קמצן איז אויך פונקט אזוי ווי א חזיר „מפ־ריס פרסה״. ד. ה.: ער וועט גערן איינשטימען צו געהען זאמ־לען נדבות פאר אנ׳אָרימאַן, אבער אליין איז ער נישט „מעלה גרה״ — פון זיין קעשענע וועט ער גאר נישט געבען.

(א פאָלקס־ווארט. עס שטעהט שוין ביי ר׳ עמנואל מרומא אין זיין ספר „מחברת עמנואל״).

## צו וואָס טויג א באָרד?

ואת החזיר... טמא הוא (י״א, ז׳).

א משכיל, א קל במצוות, האט געפרעגט ר׳ חיים וואלא־זשינער: נאָכוואס ברויך א יוד צו לאָזען וואקסען זיך א באָרד ארום דעם מויל? איז דען נישט שענער זי גלאט אָבצוראזירען?

— ר׳ חיים האט איהם גלייך צוריקגעפרעגט:

— נאכוואס דארף מען ארומצוימען א גארטען מיט א פארקאַן?

— כדי א חזיר זאל אמאל נישט אריינקריכען און צו־טרעטען דאס פּערזייטע און פערפלאנצטע! — האט געענטפערט דער משכיל.

— אויך א באָרד פערהיט, אז א חזיר זאל נישט פער־קריכען אמאל אין מויל אריין — האט צוריקגעענטפערט דער גאון...

# מ׳דאַרף זיך טויגען

ואת הנץ למינהו (י״א, ט״ז).

מ׳האט געפרעגט אמאל דעם בעוואוסטען העברעאישען פעליעטאניסט, ניימאַנאָוויטש, וועלכער האט געשריבען אין פערלויף פון יאהרען זיינע פעליעטאנען אין דער „הצפירה״,— פארוואס ער האט זיך אויסגעקליבען פאַר אַ פסעוודאנים דעם נאמען „הנ״ץ״, א נאמען פון א עוף טמא? ניימאַנאָוויטש האט געענטפערט:

— ווען איך וואלט געהאַט אַ נאָמען פון אַנ׳עוף טהור, וואלט מיך שוין פון לאַנג דער רעדאַקטאָר געהאט אויפגעגעסען...

# אַ משוגע׳נער פיש

ואת השלך ואת הינשוף (י״א, י״ז).

א דרדקי מלמד, נישט קיין איבריגער למדן, האט אמאל פערטייטשט זיינע תלמידים ביים לערנען חומש, השלך — א משוגע׳נער פיש. גענומען האט זיך דער טעות ביים מלמד דערפון, וואס ער האט געזעהען, אז דער תרגום מאכט אויף השלך: „ושלינונא״ — אַ רויב־פויגעל, וואס כאַפּט פיש פון ים. דער מלמד האט געוואוסט, אז אויף פויליש מיינט מען „שאַלי״ — א משוגע׳נער, און „נונא״ איז ווייטער אויף תרגום לשון — א פיש. אזוי אַרום איז ביי איהם אויסגעקומען: ושלי נונא — א משוגע׳נער פיש.

— רבי! — פרעגט דעם מלמד א קלוג יונגעל — ווי באלד אַז שלך איז א משוגע׳נער פיש, טא ווי קומט ער אהער צווישען די עופות טמאות?

— אויף א משוגע׳נעם פרעגט מען קיין קשיות נישט: וואו מען בעט איהם נישט, דארט אהין קריכט ער! — ענטפערט א צערבייזערטער דער מלמד...

# פארוואס הייסען זיי חסידים?

ואת החסידה (י״א, י״ט).

פאר וואס רופט מען עפיס „חסידים״ די יודען, וואס פאה־רען צו א רבי׳ן?

— דער טעם איז אזוי: רש״י אין חומש פרעגט: פאר וואס הייסט דער דאָזיגער פויגעל חסידה? און ענטפערט, אז דאס איז דערפאר, ווייל ער טהוט שטענדיג חסד מיט זיינע חברים! איז דאך אבער א קשיא: אויב דער פויגעל האט אין זיך יא א־זא שעהנע מידה פון טהון גמילת־חסד, טא פאר וואס רעכענט איהם די תורה פאר א עוף טמא?

דער תירוץ איז: ווייל דער פויגעל איז גומל חסד נאָר מיט זיינע חברים, אבער חלילה נישט מיט קיין אנדערע עופות. אויך די חסידים שטיצען און העלפען, כידוע, נאר די „אנשי־שלומנו״, זייערע חברים, וואס פאהרען מיט זיי צוזאממען צו איין רבי׳ן; אבער די חסידים פון אנ׳אנדערען רבי׳ן האבען זיי פיינד בתכלית השנאה. און דערפאר הייסען זיי חסידים...



# פרשת תזריע

## ווי תזריע מצורע

די צוויי סדרות תזריע און מצורע, וואס זייער אינהאלט איז: ענינים פון טומאה, נגעים און צרעת, געהען אין א נישט עיבור־יאהר שטענדיג אינאיינעם. דערפאר זאגט א יודיש שפריכ־ווארט אויף צוויי רשעים א־לא דתן ואבירם, וואס האלטען זיך צו־זאמען: „זיי געהען צוזאמען ווי תזריע מצורע“...

נאך א שפריכווארט איז דא: „תזריע מצורע, — רייסט קריעה דער בעל קורא“.

ה' עלזעט אין זיין „דאוונען“ זייט 81 פערטייטשט עס, אז דער בעל־קורא מאטערט זיך און האט א שווערע ארבייט ביים לייענען די צוויי סדרות, ווען זיי געהען אינאיינעם.

מיר שיינט, אז דער זין פון דעם שפריכוואָרט איז אָט דאס: כידוע, איז יעדע סדרה איינגעטיילט אויף זיבען טיילען (שבעה קרואים). ווען צוויי סדרות, ווי א שטייגער תזריע מצורע, געהען אבער אינאיינעם, ווערען זיי צוזאמענגעגאסען און גאנץ אנדערש איינגעטיילט ביים „לייענען“ שבת אין שוהל, אזוי דאס יעדער עולה לתורה בעקומט א דאפעלטערע פארציע ווי שטענדיג. דערפאר זאגט מען, אז תזריע מצורע, רייסט קריעה (ד. ה. ער טיילט גאנצע שטיקער) דער בעל־קורא. פערשטעהט זיך, אז דער גראם: מצורע — בעל קורא, שפילט דא אויך א ראלע.

# א נגע צרעת

ומראה הנגע עמק מעור בשרו, נגע צרעת היא וטמא אותו (י"ג, ג').

אויב א יוד איז נאָר אויבערפלעכליך שלעכט, איז ער נאך נישט קיין פערפאלענער. קוים זענען אָבער די שלעכטע מידות איינגעוואָרצעלט ביי איהם טיעפער ווי אין די הויט, זיי זענען שוין אין בלוט און פלייש, דאן ווערט ער שוין קיין תקומה נישט האבען, ווייל דאס איז שוין א נגע צרעת און ער מוז שוין גערעכענט ווערען פאר א טמא...

(א פאלקס-תורה).

# ווער זאָל היסען?

והתגלח... (י"ג, ל"ג).

צום בעוואוסטען רבי'ן ר' מאיר'ל פרימישליאנער, איז אמאָל געקומען צופאהרען זיינס א חסיד, א לונגען-ליידענדער, וואס האט כסדר געהיסט און געשפיגען מיט בלוט, און האט געבעטען פון רבי'ן א רפואה שלמה צו זיין קרענק. ר' מאיר'ל האט איהם אויפגעהאלטען ביי זיך ביז איבער שבת. אזוי ווי עס איז אין יענעם שבת געגאנגען די סדרה תזריע, האט איהם ר' מאיר'ל, וואס איז געווען אליין דער בעל-קורא, אויפגערופען צו דמישי עולה לתורה זיין. ווען ר' מאיר'ל איז צוגעקומען ביים לייענען צום ווארט „והתגלח", האט ער עס שטארק געצויגען און מדגיש געווען. נאכ'ן לייענען האט ר' מאיר'ל געזאגט צום קראנקען חסיד:

— דו האסט געהערט און פערשטאנען, וואס איך האב אזוי שטארק געצויגען דאס ווארט „והתגלח"? איך האב געמיינט דערמיט, אז היסען זאל פאר דיר דער גלח... און דו זאלסט פון היינט אָן זיין געזונד און שטארק!...

# פרשת מצורע

ואם דל הוא (י"ד, כ"א).

די פרשה „שלישי" פון דער סדרה מצורע, הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: ואם דל הוא — אויב ער איז אַן אָרימאַן. דערפאר איז דאָ „שלישי", די שטענדיג פעטסטע עליה פון דער סדרה, דאס מאהל גראדע די ערגסטע עליה, אזוי דאס אלע שעהנע יודען פון גאליציע אנטלויפען פון איהר ווי פון א פייער. ווען מען וויל זאגען אין גאליציע אויף איינעם, דאס ער האט בעקומען א נישט בכבוד'יגע עליה, זאגט מען: ער האט בעקומען „ואם דל הוא". צו דער דאזיגער עליה „ואם דל הוא", רופט מען דארטען אויף נאר אנ'אָרימאַן, אנ'אביון, פונקט אזוי ווי אין שמחת-תורה צו דער הקפה „עוזר דלים"...

## א נגע צרעת

ונתתי נגע צרעת בבית (י"ד, ל"ד).

דער בעקאנטער לץ, שמעריל שניטקאָווער, האט געזאגט:

— שטענדיג, ווען איך בין געקומען צום פסוק: ונתתי נגע צרעת בבית, האב איך געקוועטשט מיט די פלייצעס און געפרעגט: ווי איז עפּיס מעגליך א נגע צרעת אין דער שטוב? ערשט, ווען איך האב חתונה געהאט מיט מיין ווייב, דעם שלאק און ארורה, האב איך געזאגט: משה אמת ותורתו אמת!...



# פרשת אחרי

נאך דער סדרה „אחרי מות" געהען די סדרות: קדושים, אמור. דערויף בעציהט זיך דאס שפריכווארט: „אחרי מות קדושים אמור", וואס דער זין דערפון איז, אז נאכ'ן טויט זאגט מען יעדען נאך שבחים...

דאס שפריכווארט ווערט אויך בענוצט, ווען מען וויל זאגען, אז כל זמן, א גרויסער מענש לעבט ביי יודען, האלט מען נישט פון איהם, ווי עס דארף צו זיין. ערשט נאך זיין פטירה בעקלאגט מען איהם, דאס ער איז געווען א צדיק, א קדוש.

אינטערעסאנט איז, אז שוין דער אלטער פאָעט, עמנואל הצפרוני, ברענגט דאס שפריכווארט אין זיין ספר „מחברת עמנואל".



# פרשת קדושים

## ווען יודען מאכען נישט קיין קידוש

קדושים תהיו (י"ט, ב').

ר' חיים וואלאזשינער האט געזאגט א גלייכווערטעל: ווען יודען מאכען נישט ביי זיך קיין קידוש ד. ה. זיי זענען נישט מקיים דעם תורה-געבאט „קדושים תהיו", דאן מאכען איבער זיי וויטער די גויים הבדלה — (די גויים פערשטויסען דאן פון זיך אב די יודען און דערווייטערען זיי פון אלע צווייגען פון לעבען)...

## דריי קאטעגאריעס יודען

קדושים תהיו

פרומע יודען זענען געקומען צו ר' חיים'ען בעקלאגען זיך אויף די משכילים, די פושעים, וואס זענען מזלזל במצוות, און דערפאר געפאדערט פון איהם, ער זאל זיי מחרים זיין פון כלל ישראל. ר' חיים האט זיי אזוי געענטפערט:

— אין פרשת קדושים שטעהען כסדר די דריי פסוקים: 1) קדושים תהיו... 2) איש אמו ואביו תראו... 3) אל תפנו אל האלילים... און צום סוף פון יעדען פסוק שטעהט אלץ: אני ה' אלהיכם. אט די דריי פסוקים זענען, לויט מיין מיינונג, געגען דריי קאטעגאריעס יודען:

צו דער ערשטער קאטעגאריע, די סאמע פרומסטע, זאגט

דער פסוק: קדושים תהיו! איך גיב אייך מיין הסכמה: אני ה׳.

צו דער צווייטער קאטעגאריע, צו די בינונים, די יודען פון א גאנץ יאהר, זאגט ווייטער די תורה: איש אמו ואביו תראו — ד. ה. איהר, וואס קענט נישט לערנען, זייט כאָטש מכבד אייערע עלטערען. איך גיב אייך דערפאר מיין אונטער-שריפט: אני ה׳.

צו דער דריטער קאטעגאריע ווייטער, צו יודען, וואס ווייסען כמעט גאר נישט פון יודישקייט, זאגט די תורה: אל תפנו אל האלילים — שמד׳ט זיך נישט און דינט כאטש נישט קיין עבודה-זרה, טא וועט איהר אויך פעררעכענט ווערען פאר יודען: אני ה׳...

# גזילה און גניבה

לעני ולגר תעזוב אותם... (י״ט, י׳).

באלד נאך דעם פסוק שטעהט: „לא תגנובו" — דאס גיעט אונז די תורה אָנצוהערען, דאס אויב מיר וועלען שטיצען דעם ארימאן און דעם געפאלענעם, וועלען זיי נישט דארפען צו ווע-רען קיין גנבים און רוצחים...

# אנ׳אלטער טאָר אויך נישט גנב׳ענען

לא תגנבו... (י״ט, י״א).

צום בעוואוסטען שעדלעצער רב, ר׳ ברוך מרדכי, איז גע-קומען אנ׳אלטער אנגעזעהענער יוד און געפרעגט, צי ער מעג מעלים זיין פון זיין נישט יודישען שותף א גרויס פערדינסט, פון וועלכען ער וועט זיך קיינמאהל נישט דערוויסען. דערביי האט דער אלטער יוד געגעבען דעם רב צו פערשטעהען, אז צוליעב זיין אָנגעזעהענקייט און בכבוד׳יגען פלאץ, וואס ער פערנעמט אין דער געזעלשאפט, האט ער א סך אויסגאבען, ווי

א שטייגער אויף צדקה און וואָלטעטיגע צוועקען, פון וועלכע זיין שותף, דער גוי, איז, פערשטעהט זיך, פטור.

ר' ברוך מרדכי האט איהם אזוי געענטפערט:

— אין „עשרת הדברות" שטעהט דער לאוו "לא תגנוב" אין איינצאהל-פאָרם (מספר יחיד). אין פרשת קדושים (ויקרא י"ט, י"א) שטעהט ווידער דער אייגענער לאוו אין מעהר-צאהל (מספר רבים): „לא תגנבו", ד. ה., אז דער איינצאהליגער לאוו איז געזאגט געווארען פאַר יעדען געוועהנליכען יוד. דער מעהר-צאהליגער לאוו איז אבער ספעציעל געשטעלט געווארען פאר אזא אנגעזעהענעם אלטען יודען ווי איהר זענט, וועלכען די גאנצע וועלט איהרצט, אז אויך ער טאר ניט גנב'ענען...

## א שוטה טאָר נישט שעכטען

לא תעמוד על דם רעך... (י"ט, ט"ז).

אין א שטעדטעל האט מען דעם שוחט געכאפט ביי אן עבירה. האט איהם דער רב גע'קנס'עט, דאס ער זאל ווערען א נחות דרגא. ד. ה. ער זאל שוין מעהר נישט שעכטען קיין גסות און בהמות, נאר בלויז עופות. ווען מען האט דעם רב געפרעגט אויפ'ן מאָטיוו פון דעם קנס, האט ער אזוי געענטפערט:

— אונזערע חכמים זאגען: אין אדם חוטא אלא אם כן נכנס בו רוח שטות — און א שוטה טאר נישט שחט'ן קיין בהמה, ווייל ער איז עובר אויפ'ן לאו: לא תעמוד על דם רעך...

## פאַר א גרייז שטעל זיך אויף

מפיו שיבה תקום... (י"ט, ל"ב).

א מחבר, אן'עני בדעת, האט געבראַכט זיינס א חבור צו א געוויסען גדול און געבעטען איהם צו געבען דערויף א הסכמה. דער גדול האט אריינגעקוקט אין חבור און דערזעהען,

אז ס'איז פול מיט טפשות און הבלים. ער האט עס גלייך פער-מאכט און, צוריקגעבענדיג עס דעם מחבר, האט ער צו איהם אזוי געזאגט:

— אין דיין חבור אריינקוקען קאן איך נאר שטעהענדיג און דאס איז פאר מיר צוליעב מיין עלטער און שוואכקייט זעהר שווער. דערפאר גיב איך עס דיר צוריק.

— אָבער פארוואס מוזט איהר, רבי, לייענען מיין חבור דווקא שטעהענדיג? — האט געפרעגט א פערוואונדערטער דער מחבר.

— דערפאר — האט געענטפערט דער קלוגער רב — ווייל אין דער תורה שטעהט: מפני שיבה תקום — פאר א גרייז זאלסט דו זיך אויפשטעלען, און דיין חבור איז דאך פול מיט גרייזען...

# דער חסד פון קדושים

חסד הוא... (כ', י"ז).

איינער א יורד, וואָס האט געהאט אונטער זיך נישט קיין שעהנע פערגאַנגענהייט, האט זיך אנגעפּגע'ט אָן דעם גאון ר' יחזקאל לאנדוי, דער מחבר פון „נודע ביהודה", רק ער זאָל איהם געבען א כתב המלצה צו אחינו בני ישראל, דאס ער איז אנ'עני בן טובים און דערפאר זאָלען איהם יודען שטיצען.

ר' יחזקאל לאנדוי האט געשריבען אין כתב די ווערטער: בבקשה לעשות עם המוכ"ז חסד של קדושים — כ'בעט צו טהון מיט'ן אינהאבער פון דעם כתב א חסד של קדושים.

ווען דער ארימאן איז געקומען אין דער סמוכ'דיגער שטאדט און, ווי דער שטייגער, איז ער דאס ערשטע אריינגע-גאנגען צום דארטיגען רב, וועלכער איז געווען א תלמיד פון נודע ביהודה, און געוויזען איהם זיין רבינ'ס כתב, האט איהם

דער רב געהייסען ארויסווארפען פון זיין שטוב. צו די פער׳-
חדוש׳טע אנוועזענדע האט ער מאָטיווירט זיין בעגעהען זיך מיט׳ן
פרעמדען ארימאן, דאס זיין רבי, דער נודע ביהודה, האט גע-
מיינט מיט די ווערטער: „בבקשה לעשות... חסד של קדושים״
— מ׳זאל טהון מיט איהם דעם „חסד״ פון פרשת קדושים, וואס
רש״י פערטייטשט דאָרט דאס ווארט „חסד״ — חרפה. ד. ה.
מ׳זאָל איהם אנטהון חרפות ובושות...



# פרשת אמור

## היינטיגע כהנים

לנפש לא יטמא בעמיו... (כ״א, א׳).

א יוד טרעפט אמאל זיינס א בעקאנטען, א כהן, וואס איז געווען א שטיקעל משכיל און א קל במצוות, אויפ׳ן בית־החיים און פרעגט איהם די בעקאנטע גמרא־קשיא:

— „מה לכהן בבית הקברות״ — וואס טהוט עפעס א כהן אויפ׳ן בית הקברות?

— נאַט אייך א גראשען — ענטפערט דער אפיקורס׳ישער כהן — פאר די היינטיגע כהנים און פאר די היינטיגע מתים!...

## זכרים לעבען לענגער

לאמו ולאביו... (כ״א, ב׳).

פארוואס שטעהט דא אויסגערעכענט פריהער: לאמו פאר: ולאביו ?

— ווייל זכרים לעבען לענגער ווי נקבות!

(א פאלקס ווארט. עס שטעהט אויך אין „אבן עזרא״).

## א בעל עגלה מעג נעמען א גרושה

ואשה גרושה מאישה לא יקחו... (כ״א, ד׳).

אין דער ישיבה פון בעוואוסטען גאון ר׳ זלמע׳לע פון

ווילנא, דער מחבר פון „תולדות אדם", איז אמאל אריינגעקומען א יוד מיט א בייטש אין דער האנד, און דאט זיך געווענדעט צו ר' זלמע'לען מיט דער שאלה: היות ווי איך בין א כהן, פרעג איך אייך, רבי, צי איז אמת, וואס די לייט פלאפלען, דאס איך טאר דערפאר נישט נעמען קיין גרושה?

די ישיבה-בחורים, דערהערענדיג אזא שאלה פון אנ'עם-הארץ, וואס ווייסט נישט, אז א כהן טאר נישט נעמען קיין גרושה, האבען אויסגעשאסען מיט אזא געלעכטער, אז דער יוד, א פערשעמטער איבער די אויערען האט שוין געוואלט אוועק-געהן, נישט ווארטענדיג מעהר אויפ'ן רב'ס ענטפער. דער קלוּ-גער גאון האט צוגערופען דעם יוד און מיט א ווייכען קול איהם געפרעגט:

— זאגט נאר, ר' יוד, וואו אהין ווילט איהר אייגענטליך זי, די גרושה, נעהמען?

— נישט ווייט, — האט געענטפערט דער יוד, — אין גאנצען א דריי מייל רייזע!

— איהר מעגט זי נעמען! — האט איהם ר' זלמע'לע בערוהיגט.

ווי עס האט זיך ארויסגעוויזען, איז דער יוד, דער כהן, געווען א בעל-עגלה און, ווען עס איז איינמאהל געקומען צו זיין בויד א יודענע, א גרושה און איהם געפרעגט, צי ער וועט זי קענען נעמען אויף זיין בויד אין נאהענטען שטעדטעל אריין, אויף וואס דער בעל-עגלה האט, פערשטעהט זיך, געענטפערט: יא, האבען די איבעריגע „פארשוינען" אויף קאטאוועס גענומען פון איהם אפלאכען, דאס ער געהט „נעמען" א גרושה, וואס דאס איז אנ'עבירה דתמורה...

## אבי כי יולד

שור או כשב או עז כי יולד... (כ"ב, כ"ו).

ווען מען וויל זאגען אויף א יוד, א שאכער-מאכער, דאס ער האנדעלט מיט אלץ אין דער וועלט, זאגט מען:

— ביי איהם איז אלץ א סחורה: שור או כשב או עז, אבי נאָר: כי יולד! ד. ה. אבי ער זאל דערפון פערדינען און ציהען אויף חיונה.

## צוויי חופות אין איין טאָג

אותו ואת בנו לא תשחטו ביום אחד... (כ״ב, כ״ח).

אנ׳עלטערער יוד, אנ׳אלמן, איז געקומען צום רב פרעגען א שאלה, צי ער מעג שטעלען אין איין טאג צוויי חופות: איין חופה פאר זיך, און די צווייטע פאר זיין זוהן, דעם חתן-בחור?

דער רב, א קלוגער יוד, האט איהם געענטפערט, אז על פי דין טאר מען נישט שטעלען קיין צוויי חופות אין איין טאָג, ווייל עס שטעהט אין חומש: אותו ואת בנו לא תשחטו ביום אחד...

## פון עסען רעדט מען נישט

שבעת ימים מצות תאכלו... (כ״ג, ו׳).

פארוואס טיילט מען די ארימע לייט געלד אויף פסח, און אויף סוכות — נישט ?

— ווייל אין תורה שטעהט: שבעת ימים מצות תאכלו, דערפאר זארגט מען, אז אלע יודען זאלען האבען אין פסח מצה צו עסען. דאגעגען וועגען סוכות שטעהט בלויז: „בסוכות תשבו שבעת ימים" — איהר זאלט זיצען אין דער סוכה זיבען טעג, אבער וועגען עסען „מאן דכר שמיה" — ווער רעדט דארט פון עסען?...

# מען פערשטעלט זיך

יום הכפורים... (כ״ג, כ״ז).

פאַרוואס הייסט עפּעס יום כפור אויך: יום הכפורים?

ווייל יום כפור איז עהנליך צו פורים (די כ״ פון ווארט „כפורים״ זאל דא זיין א כ׳ ההשואה — ווי פורים.) בנוגע דעם פערשטעלען זיך. דער חלוק איז נאר, וואס אין פורים פערשטעלען זיך יודען פאר גויים: פאר א המן, פאר א פרעה, פאר א גלית הפלישתי, און אום יום-כפור פערשטעלען זיך פערקעהרט גויים פאר יודען, ווייל אפילו דייטשען און אסימילאַטארען קומען דעמאלט אין שוהל דאווענען...

# אַ רמז אויף שבעת ימי המשתה

חג הסוכות... (כ״ג, ל״ה).

אַ חקרן, א האלבער עם-הארץ, האט געזאגט: אז אין ווארט „סוכות״, איז דא אַ רמז אויף די שבעת ימי המשתה, ווייל „סוכות״ מאכט: קול ששון וקול שמחה... און דערפאר דארף מען, פונקט ווי מען זיצט אין דער סוכה זיבען טעג, צו פייערען אויך שבעת ימי המשתה...



# פרשת בחוקתי

## שלום און ישראל

ונתתי שלום בארץ... (כ״ו, ו׳).

נאך סוכות, הערבסט-צייט, האט זיך פּלוצלונג פאר׳ן בית-המדרש אין א קליין שטעדטעל, געמאכט א גרויסע וואסער-בלאָטע, אזוי, דאס מען האט אויף טרוקען נישט געקענט אריינגעהען אין בית-המדרש דאוונען.

ווען ר׳ שלום און ר׳ ישראל, צוויי פון די ערשטע ותיקין-דאוונערס, זענען גאנץ פריה געגאנגען דאוונען און דערזעהען די גרויסע בלאָטע פאר׳ן בית-המדרש, האבען זיי אבגעמאכט צווישען זיך, אז ווער פון זיי עס וועט געפינען א פסוק אין תנ״ך, וואס זאל אָנווייזען ווער פון זיי עס דארף געטראגען ווערען, זאל איהם דער אנדערער אריבערטראָגען אויף זיך אין בית-המדרש אריין. האבען זיךביידע פערטראכט און אין דער פינסטער אדורכגעוואָרפען אין זכרון כמעט גאנץ תנ״ך, כדי אויסצוזוכען דעם נויטיגען פסוק. פלוצלונג שרייט אויס ר׳ שלום:

— שא, אָט האב איך געפונען א פסוק! עס שטעהט אין תהלים: ושלום על ישראל — שלום זאל זיין אויף ישראל׳ן.

— גערעכט, גערעכט! — ענטפערט ר׳ ישראל און נעמט ר׳ שלום׳ן אויף זיינע פּלייצעס.

אין מיטען דער בלאָטע לאָזט ער אָבער אראָב ר׳ שלום׳ן אין דער סאמע טיעפעניש און שרייט אויס:

— איך האב געפונען א בעסערען פסוק! אין דער תורה, אין פרשת בחוקותי שטעהט: ונתתי שלום בארץ, ד. ה. מען ברויך שלום׳ן אראָבצולאזען אויף דער ערד. און אז שלום איז אויף דער ערד, מוז דאך ר׳ ישראל זיין אויף זיינע פלייצעס!...

## פריהער עסען דערנאָך שלאָפען

ואכלתם ישן... (כ״ו, י׳).

פאלקס פראגע: אז איינער איז גלייכצייטיג אי שטארק הונגעריג, אי שטארק שלעפעריג, וואס זאל ער טהון פריהער, עסען צי שלאפען?

פאלקס ענטפער: פריהער זאל ער עסען און דערנאך זאל ער ערשט שלאפען. אזוי ווי עס שטעהט אין חומש: ואכלתם ישן — פריהער די אכילה און דערנאך דאס שלאפען...

אנדערע דריגגען עס ארויס פון „איזהו״, עס שטעהט דארט: שינה באכילתן הבכור נאכל — אז איינער דארף צו שלאפען און צו עסען, זאל ער דאס ערשטע עסען...

## פון צו פיעל שלאָפען

ישן נושן... (כ״ו, י׳).

אז איינער געוועהנט זיך צו שלאפען א ביסעל לענגער איבער דער מאס, וועט זיין סוף זיין, דאס ער וועט ווערען א פעֶפעֶר, אזוי ווי עס שטעהט: ישן נושן — פון א ביסעל מעהר שלאפען וויפיעל מען דארף, ווערט מען א פערשלאפענער...

## אַ רמז פון אַ רעפאָרמער

וישן מפני חדש תוציאו... (כ״ו, י׳).

די רעֶפאָרמער אין דער צייט פון דער רעפארמאציע-בע-

וועגונג, האבען בענוצט אלס זייער לאזונג דעם פסוק: וישן מפני ר׳חדש ר׳רוציאו — דאס אלטע זאלט איהר ארויסרוימען פאר׳ן נייעם...

## ווי-אזוי ווערט פון א קללה ווערען א ברכה

ואכלתם בשר בניכם ובשר בנותיכם תאכלו... (כ״ו, כ״ט).

דער מדרש זאגט, אז לעתיד לבא וועלען אלע קללות פון דער תוכחה געענדערט ווערען אויף ברכות.

פרעגט די וועלט דערויף: מילא, וועגען אלע ברכות קען עס געמאלט זיין. אבער ווי אזוי ווערט די קללה פון: ואכלתם בשר בניכם קענען פערוואנדעלט ווערען אין א ברכה?

דער תירוץ איז אזוי: דער נביא מלאכי זאגט נביאות אויף לעתיד לבא: הנני שולח לכם את אליהו הנביא... והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם. ד. ה. אז לעתיד לבא וועלען די קינדער נישט זיין מעהר דערווידער זייערע עלטערענס רעליגיעזע איבערצייגונגען, זיי וועלען היטען כשרות און אלע דינים פון איסור והיתר, אזוי דאס א פאטער וועט קענען דע-מאלט אהן חשש פון מאכלות אסורות עסען ביי זיינע זיהן און טעכטער. אזוי ארום וועט די קללה: ואכלתם בשר בניכם טאקע זיין אנ׳אמת׳דיגע ברכה...

## זכות-אבות

וזכרתי את בריתי יעקב... (כ״ו, מ״ב).

ווי קומט עפעס דא אהער אין מיטען דער תוכחה גאר זכות אבות?

דער תירוץ איז, אז דאס איז לגמרי-נישט קיין דערמאנונג

פון זכות אבות, נאר גיכער געהערט עס אויך צו דער תוכחה, ווייל די תורה שטראפט מיט דעם די יודען: איהר בני ישראל, וואס דהאט געהאט א זעלכע שעהנע טאטעס ווי אברהם יצחק יעקב, ווי אזוי דהאט איהר זיך נישט אבגעלערנט פון זייערע שעהנע מעשים, נאר געגאנגען גאר אין שלעכטע וועגען. דערפאר פערדיגט איהר גאנץ כשר אזעלכע קללות פון דער תוכחה...

## עלטערע טעכטער — א קללה

ואף גם זאת... (כ״ו, מ״ד).

וואס איז דאס ווייטער פאר א קללה ?

נאר „גם" מאכט אויף ראשי-תיבות: „גרויסע מיידען". און דאכט זיך, אז דער, וואס איז בעשאנקען מיט אזא מתנה, האט די גאנצע תוכחה ביים לעבען...

## אז עס פעהלט צום מנין

דהעשירי יהיה קדש לה" לא יבקר בין טוב לרע ... (כ״ז, ל״ב—ל״ג).

אין א ראש-חודש האט אמאל אין שוהל צוגעפעהלט צום מנין איין מתפלל. דער רב, וואס איז אויך געווען צווישען די, וואס האבען געוואלט דאוונען, דהאט ארויסגעשיקט זיין שמש אריינצורופען פון גאס א יוד, ער זאל משלים זיין דעם מנין. דער שמש האט אריינגעבראכט א יוד, א קורץ-געקליידעטען, וואס איז נישט געווען אזוי שטארק אבגעהיטען אין יודישקייט. האבען אבער די איבעריגע מתפללים געקוקט קרום אויפ'ן אריינגעקו־מענעם און זענען צוגעגאנגען פרעגען דעם רב, צו מעג מען איהם מצרף זיין צום מנין?

דער רב, א קלוגער יוד, האט געענטפערט:

— עס איז דאך א בפירוש'ער פסוק: העשירי יהיה קודש

להי״ לא יבקר בין טוב לרע — דער צעהנטער איז בחזקת
כשרות און מען ברויך וועגען איהם כלל נישט נאכצוקלע-
רען, צי ער איז גוט אדער שלעכט...



# חומש-פאָלקלאָר

אַלע פאָלקסטימליכע דבורים, גלייכווערטלעך, הלצות, אַנעקדאָטען און פאָלקסטייטשען, וואָס בעציהען זיך אויפ'ן חומש. צוזאַמענגעקליבען פון פאָלקס-מויל לויט די סדרות, סטיליזירט און קאָמענטירט דורך

## הרב ישעיה זלאָטניק (ה. י. זהבי)

## חומש-פאָלקלאָר —

אַ מתנה דעם פאָלק זיין אייגען ווערק!!!

דריטער באַנד { במדבר / דברים }

ערשטע סעריע.


וואַרשא, תרצ"ח.

Drukarnia „POLONIA“ Radom, ul. Traugutta Nr. 62.

# פרשת במדבר

## נישט יחוס-אבות איז דער עיקר!

איש ראש לבית אבותיו הוא... (א׳, ד׳).

חסידים דערצעהלען, דאס אין יאהר 1831, בעת דער רוסישער גענעראל „פאסקעוויטש" האט אונטערגעדריקט דעם פוילישען אויפשטאנד און איינגענומען ווארשא, האט דעמאלט דער אלטער קאצקער רבי, ר׳ מענדעלע, צוזאמען מיט׳ן גאון ר׳ איטשע מאיר, דעם מחבר פון „חידושי הרי״ם, געמוזט עוקר זיין פון פוילען און זיי זענען אנטלאפען קיין לעמבערג, די הויפט שטאדט פון גאליציען, וואס איז געווען אונטער דער ממשלה פון עסטרייך. דארט אין לעמבערג האבען גאליציאנער חסידים גע־מסר׳ט דעם קאצקער רבי׳ן און די עסטרייכישע מאכט האט איהם איינגעזעצט אין א שווערע תפיסה. ר׳ מענדעלעס תלמיד, דער „חידושי הרי״ם", איז דאן געקומען צום דעמאלטיגען לעמבערגער רב, דעם גרויסען גאון, ר׳ יעקב ארנשטיין, און גע־וואלט איהם בעטען, ער זאל זיך משתדל זיין צו בעפרייען זיין רבי׳ן פון קרימינאל. כנהוג צווישען תלמידי-חכמים, האבען די צוויי גאונים ס׳ערשטע אנגעהויבען צו שמועסען אין לערנען. דער לעמבערגער רב איז נבהל ומשתומם געווארען פון ר׳ איטשע מאיר׳ס חריפות און שארפזיניגקייט און ער האט איהם געפרעגט, ווער ער איז און וואס ער וויל. ר׳ איטשע מאיר האט איהם דאן אלץ דערצעהלט און געבעטען צו בעפרייען זיין רבי׳ן ר׳ מענדעלע.

דער לעמבערגער רב האט איהם געפרעגט, ווער איז דאס דער קאצקער רבי און פון וועלכער רבי'שער דינאסטיע ער שטאמט. דערויף האט איהם דער „חידושי הרי"ם" געענטפערט, אז זיין רבי, איז נישט קיין „רבי בן רבי" נאָר א מולך מעצמו. דען אין לערנען און בכדי א מנהיג צו זיין ביי יודען, שפיעלט יחוס קיין ראָלע נישט, אזוי ווי עס שטעהט אין דער תורה: „איש ראש לבית אבותיו הוא" ד. ה. נישט מיט'ן כח פון יחוס-אבות זאָל ער ווערען א מנהיג, נאר—ראש לבית אבותיו הוא — ער אליין זאל ראוי זיין דערצו; דער יחוס זאל זיך פון איהם אליין אָנהויבען.

דעם לעמבערגער רב איז שטאַרק געפעלען געוואָרען דעם „חידושי הרי"ם'ס" תורה און ער האט זיך גלייך משתדל געווען און בעפרייט דעם קאָצקער רבי'ן פון תפיסה.

## דער נאָמען „שלומיאל"

שלומיאל בן צורישדי... (ב', י"ב).

אינטערעסאנט, אז דאס פאלק רופט א לא-יצלח'דיגען, א טויגעניכטס מיט'ן נאמען: „שלומיאל".

מעגליך, אז די סיבה דערפון איז, וואס „שלומיאל" איז ענליך צו „שלימזל".

## ראיות פון דער תורה

כל בכור פטר רחם (ג', י"ב).

צוויי חסידים, בעוואוסטע שהכל'ערס, האבען זיך געשפארט, וואס איז בעסער צו טרינקען: צי איינס א „ריינס און שטארקס" (איין כוסה שטארקען שפירט) צי בעסער א סך כוסות שוואכען בראָנפען?

דער חסיד, וואס האט געהאלטען אז מאכען זאל מען איין

כוסה, אבער א שטארקע, האט זיך אנגערופען צו זיין חבר: — איך וויל דיר ברענגען א ראיה פון חומש, דאס איך בין גערעכט. עס שטעהט: פטר רחם. מאכט „רחם" אויף ראשי תיבות: ראז חליעב מאָצני! „Raz chleb mocny" — — — — — ד. ה. איינמאל דארף מען זיך גוט און זאט אָנעסען...

— איך וועל דיר אָבער ברענגען — האט איהם אבגעענטפערט דער צווייטער חסיד — א ראיה פון דעם אייגענעם פסוק, דאס איך בין גערעכט. דען די ראשי תיבות פון „פטר" זענען: פיי טישיאָנצע ראזי „Pij tysiące razy" — — — — ד. ה. טרינק טויזענד מאל, מעג זיין שוואכען י"ש...

## עבֿרי פון אַ ישובניק

כל בכור פטר רחם

א ישובניק האט אמאָל פערבעטען דעם רבי'ן ר' העניך פון אַלעקסאַנדער אויף א פדיון-הבן. דער דאָרפסמאַן, וואס איז געווען א „מכה בעברתו" (געשלאָגען אויף דער עברי), האט ביים אויסלייזען זיין זוהן דעם בכור פון כהן, פערגלאָצט די אויגען און געזאגט: אנשטאדט „זה בני בכורי פטר רחם": „זה כני (קאָני) כבודי פאטער אין הימעל רחם". ס'איז, פערשטעהט זיך, געווארען א גרויס געלעכטער פון דעם ישוב'ניקס „זעצען" די עברי. דער „אַלעקסאנדערער" האט אבער איינגעשטילט דעם עולם און געזאגט, אז גראדע דעם ישוב'ניקס זעצען די עברי, האט געמאכט א שטארקען רעש אין הימעל...

## בכורים און כהנים אין אמעריקא

חמשת שקלים לגולגלות (ג', מ"ד).

א פוילישער יוד האט עמיגרירט קיין אמעריקא און האט דארטען אויף א פדיון-הבן, וואוהין ער איז אמאל איינגעלאדען געווארען, דערזעהען, ווי זיינער א בן-עיר, אנ'אלטער לאנדסמאן,

א פראסטער ישראל און אנ׳עם-הארץ דערצו, ערפילט די פונקציע פון א כהן און לייזט אויס פאר פינף דאלער דעם בכור.

נאכ׳ן פדיון הבן רופט דער גרינגער אוועק דעם כלומר׳-שטען כהן און פרעגט איהם:

— גרונם, ווי אזוי ביזט דו עפיס פון א ישראל א כהן געווארען און לייזט אויס בכורים?

— שוטה — האט איהם דער פיפיגער כהן אבגעענטפערט — אזוי ווי דאס קינד איז א בכור, אזוי בין איך א כהן...



# פרשת נשא

## א כהן און א רבי

כה תברכו את בני ישראל אמור להם... יברכך ה׳ (ו׳, כ״ג—כ״ד).

ר׳ מאיר׳ל פרימישליאנער האט געזאגט, אז א כהן בעת דעם דוכנ׳ען, און א רבי, וואס איז בבחינת כהן, בשעת זיין אנווינשען די חסידים, דארפען געדענקען, אז זיי בענשען נישט מיט זייער אייגענעם כח, נאר זיי פיהרען דערביי אויס בלויז גאט׳ס שליחות. און דאס מיינט דא דער פסוק: כה תברכו את בני ישראל — ווען איהר גיעט א ברכה צו די בני ישראל, אמור להם יברכך ה׳—זאלט איהר דעמאלט בפירוש זאגען דעם געבענשטען, אז די ברכה וואס איהר ווינשט, איז גאט׳ס ברכה, אבער איהר אליין זענט גארנישט ביכולת אויפצוטהון...

## א כהן איז א בייזער

כה תברכו... (ו׳, כ״ג).

פארוואס איז א כהן בטבע א כעסן?

— ווייל מען הייסט איהם זיך וואשען פאר׳ן דוכנ׳ען, קיין עסען גיעט מען איהם אבער נישט און דאך הייסט מען איהם באלד בענשען...

## פערטוישט די יוצרות

יברכך ה״ וישמרך... (ו׳, כ״ד).

דער מדרש זאגט: יברכך בממון, וישמרך מן המזיקים. ד. ה. אז די כהנים בעת דעם דוכנ׳ען, זאלען אין זין האבען בשעת זייער זאגען דאסווארט „יברכך״, אז די יודען זאלען געבענשט ווערען מיט א סך געלד, און ביים ווארט „וישמרך״ — אז זיי זאלען אבגעהיטען ווערען פון מזיקין.

מען דערצעהלט, אז א כהן אנ׳עם-הארץ, האט, פערטוישט די יוצרות און אויסגעשריגען הויך אויפ׳ן קול בשעת׳ן דוכנ׳ען יברכך במזיקין וישמרך מן הממון...

## וואס האט א כהן אין זין?

וואס האט א כהן אין זין בשעת׳ן דוכנ׳נען?

— אז מען זאל איהם נישט צו גנב׳ענען די שיך!...

## א טייטש פון א כהן

יאר ה׳ פניו אליך ויחנך... (ו׳, כ״ה).

מען האט אמאל געפרעגט א כהן, אנ׳עם-הארץ: צי ווייסט דו כאטש דעם פירוש המלות פון דער ברכת כהנים?

— אוודאי ווייס איך! וואָרום ווען נישט, וואלט איך דאך נישט געגאנגען דוכנ׳ען און בענטשען קהל!

— טא וואס איז דער טייטש פון: יאר ה״ פניו אליך ויחנך?

— גאנץ פשוט! יאר — ער זאל פלוכטען (יאר פון לשון ארור — שעלטען...), ויחנך — און ער זאל דיך דערווארגען (ויחנך פון לשון חנק — ווארגען...) — האט געענטפערט דער כהן.

— דאס איז דאך אבער כלל נישט קיין ברכה. דאס איז דאך גאר א געמיינע קללה! — האט מען גענומען פון איהם אָבלאכען.

— איך, — האט זיך דער כהן פערענטפערט — האב אבער אין זין בשעת'ן דוכנ'ען, אז אלץ וואס איך זאג זאל אויסגעהען צו אלע שונאי-ישראל'ס קעפ...

## די שכינה גנב'עט קעזלעך

כידוע, טאר מען נישט קוקען בשעת'ן דוכנ'ען אויף די כהנים, ווייל די שכינה רוהט דאן אויף זיי.

מען דערצעהלט דערויף אזא אנעקדאָט: אויף יום-טוב האט א דארפישער מנין אראבגעברענגט פון דער שטאָדט א חזן, א בעל-מנגן, ער זאל פאר זיי דאווענען פאר'ן עמוד, וואס איז געשטאַנען הארט ביים פענסטער.

בשעת'ן דוכנ'ען, ווען דער גאנצער עולם האט אראָבגעלאָזט די טליתים טיעף איבער די קעפ, האט דער חזן, וואס איז געווען א כל-בו, אנ'אפיקורס, אויסגענוצט דאס געלעגענהייט, וואס קיינער קוקט דאן נישט, און געכאפט עטליכע פרישע קעזעלעך פון פענסטער, און אריינגעשטעקט זיי אין בוזעם.

דאס האט אבער בעמערקט דער קליינער בנ'אָק פון בעל-הבית פון מנין, וואס דער פאטער האט איהם ערשט פריהער געהאט אנגעזאגט, דאס מען טאר נישט קוקען בשעת די כהנים דוכנ'ען, ווייל די שכינה רוהט, און ער האט זיך צערשריגען: — טאטע! טאטע! קוק נאר, די שכינה גנב'עט קעזלעך!

## א קלוגע פראגע

ווען מען וויל אויספרובען א יונגעל, צי ער איז שוין רייף פרעגט מען איהם אזא פראגע:

— כידוע, אז דער, וואס קוקט דאס ערשטע מאהל בשעת די כהנים דוכנ'ען ווערט בלינד אויף איין אויג. דאס צווייטע מאהל — אויפ'ן צווייטען אויג, טא וואס ווערט ער, ווען ער קוקט צום דריטען מאהל?...

## אנ'אייבפאל פון א גדול

כף אחת עשרה זהב מלאה קטורת (ז', י"ד).

א גדול האט אמאל געזאגט, אז אין דעם פסוק זענען אנגעמערקט אלע דינים פון נר חנוכה.

„כ"ף" מאכט אויף ראשי-תיבות — כ' פסולה, אויב דאס חנוכה-ליכט שטעהט העכער פון צוואנציג איילען, איז עס א פסול; „אחת" מאכט: אל"ף חי"ת תמנה. ד. ה. אז די הלכה איז אזוי ווי בית-הלל, וואס זיי זאגען (שבת כ"א, ע"ב): מוסיף והולך: אין יעדער נאכט פון חנוכה צינדט מען אן א ליכטעל מעהר; עשרה — עד שתכלה רגל השוק — דחנוכה-ליכט מעג מען אנצינדען נאר ביז דעמאלט ווען קיינער דרעהט זיך שוין מעהר נישט אויף דער גאס; זהב — זמנו בין השמשות — מען דארף אנצינדען די דחנוכה-ליכט פון פארנאכט אן; קטרת — קרוב רתדליק רחוק טפח — מען דארף דאס חנוכה-לעמפעל אנהענגען נעבען דער טהיר.

## א מערקווירדיקער רמז

ביום העשירי נשיא לבני דן... (ד', ס"ו).

כידוע לייענט מען אין די ערשטע צוועלף טעג פון חודש ניסן יעדען טאג אנ'אנדערן נשיא. אינטערעסאנט איז, דאס לויט דער אויסרעכענונג קומט אויס, אז אין דעם טאג, ווען מען לייענט: ביום העשירי נשיא לבני דן, אין דעם זעלבען טאג פאלט שטענדיג אויס דער ערשטער טאג פון קומענדען ראש-השנה. מען זאגט, אז דערויף איז מרמז דער פסוק אין דער תורה:

דן ידין עמו (בראשית מ"ט ט"ז). ד. ה. דן, ווען מען לייענט דעם נשיא דן, אין דעם טאג ווען זיין דער יום-הדין, ראש-השנה...

# אָהן אַ נאָז

אַ גבאי אין אַ שוהל, א גרויסער עם-הארץ און דערצו אויך אַ בעל-מום: עס האָט איהם געפעהלט אַ שטיקעל נאָז, האט ער ערב פסח געפרעגט א מאל דעם רב פון שטאדט:

— רבי, וואס פאר א נשיא לייענט מען היינט?

דער רב אַ קלוגער יוד האט איהם לאַקאָניש געענטפערט:

— היינט איז „בעז נשיא" (בעז נאָסאַ)—אהן אַ נאָז!...



# פרשת בהעלותך

## געכאפט אין דקדוק

בהעלותך את הנרות... (ח׳, ב׳)

א וואנדער רבי׳לע, נישט קיין קליינער עם-הארץ, איז א מאל געקומען אין א שטעדטעל אויף שבת פרשת בהעלותך. בשעת זיין טיש-פראוועז אין בית-המדרש האט ער געזאגט די תורה:

— אין דער הייננטיגער סדרה שטעהט: בהעלותך את הנרות. איז דאך קשה, פאר וואס שטעהט עפיס בהעלותך מיט א גרויסער ח״ית? — נאך קען מען זאגען, אז די תורה איז דא מרמז אויף די ח׳ ימי חנוכה, ווען מען צינדט דעמאלט אן כידוע ביז אכט נרות-חנוכה.

דא האט איהם אבער פלוצלינג איבערגעריסען דער בעל-קורא פון בית-המדרש און געזאגט:

— רבי! איהר האט במחילה געמאכט צוויי טעות׳ן: ראשית איז בהעלותך מיט א „ך״, נישט מיט קיין חי״ת; צווייטענס איז אין ווארט „בהעלותך״ אינגאנצען נישטא קיין אות רבתי (א גרויס אות)!

דער רבי, א צוקאכטער פון אזא העזה, האט זיך געווענדעט צום עולם און אויסגעשריגען:

— ווארפט איהם ארויס דעם שייגעץ, ער איז געכאפט אין דקדוק!...

# די שמחה מיט א מלחמה

וכי תבוא מלחמה בארצכם... והרעתם בחצוצרות (י׳, ט׳)

וואס איז די שמחה מיט א מלחמה, אז יודען זאלען דערביי טראמפייטערן און שאלען פאר פרייד?

נאר דער פסוק מיינט דא די צייט פון קפוץ־גליות, ווען יודען וועלען שוין דעמאלט זיין אין אזא מצב, דאס זייערס א שונא וועט מוזען קומען אין זייער אייגען לאנד אריין מיט זיי מלחמה האלטען, דעמאלט וועלען שוין די יודען טאקע מעגען פייפען אויף אלעמען!...

(א פאלקס־ווארט)

# גוט געפרעגט — גוט געענטפערט

זכרנו את הדגה אשר נאכל במצרים חנם... (י״א, ה׳)

נישט קיין נאריש חדר־יונגעל פרעגט דעם מלמד:

— רבי, וועגען וואסערע פיש רעדט דא דער פסוק? אויב וועגען די פיש פון מצרים, האט דאך געדארפט שטעהען: „אכלנו״— וואס מיר האבען געגעסען?

דער מלמד נישט קיין גרויסער בעל מדקדק, קלערט א ווײלע, און ענטפערט:

— דאס מיינט אוודאי דער פסוק דעם פיש לויתן, וואס יודען וועלען עסען לימות המשיח!

— אויב אזוי — פרעגט דאס יונגעל ווייטער — טא צו וואס טויג מיר דא דאס ווארט „במצרים״?

— דערפאר שטעהט דאך טאקע נאכ׳ן ווארט „במצרים״ דאס ווארט „חנם״ ד. ה. אז דאס ווארט „במצרים״ שטעהט דא בחנם... —׳ האט דער מלמד געענטפערט.

דאס יונגעל לאזט זיך אבער נישט גלאט אב׳פטר׳ן און

פרעגט ווייטער:

— אויב אזוי, זאל דא אין גאנצען נישט שטעהען נישט „במצרים” און נישט „חנם” ?

— וואס פאר א חמור-קאָפּ דו ביזט! — צערבייזערט זיך אויפ׳ן תלמיד דער מלמד. — צי ווייסטו דען נישט, אז א ספר-תורה, אין וועלכער עס פעהלט אפילו איין אות, איז זי שוין פסול, טא ווילסט דו, אז מ׳זאל געהען אויסמעקען פון דער תורה גאנצע צוויי ווערטער!...

## א טייערער טייטש

ועינו כעין הבדולח... (י״א, ד׳)

א מלמד לערנט אין חדר מיט קינדער חומש און פער־טייטשט: ועינו — און זיין אויסזעהן; כעין — אזוי ווי עס זעהט אויס; הבדולח — א שייגעצעל.

דעם דאזיגען שעהנעם טייטש האט דערהערט צופעליג א יוד, א יודע-ספר און ער פרעגט א פערוואונדערטער דעם מלמד:

— פון וואנען האט איהר עפּעס גענומען אזא שעהנעם טייטש — הבדולח — א שייגעצעל גאָר!?

— נישט איך האב איהם אויסגעקלערט, — פערענטפערט זיך דער מלמד, — נאר רש״י הקדוש טייטשט אזוי: בדולח — שם אבן טובה, קריסטל בלע״ז... און וואס איז, זאגט אדרבא אליין, א קריסטעל, אויב נישט קיין שייגעצעל?...

## פארוואָס האָבען די זקנים געוויינט ?

וישמע משה את העם בוכה למשפחותיו... (י״א, י׳).

דער מדרש זאגט, אז דאס האבען די זקנים געוויינט דערפאר, וואס די תורה האט גע׳אסר׳ט די נאהנטסטע מיטגליעדער פון איין משפחה, ווי א שטייגער: א ברודער מיט שוועסטער,

דתונה האבען צווישען זיך. פרעגט דערויף די וועלט א קשיא: טא פארוואס האבען גראדע די זקנים זיך געשפירט אממייסטען געטראפען פון דער גזירה?

האט אויף דעם ר' יהושע'לע קוטנער אזא תירוץ געזאגט:

— דער שטייגער איז, אז ווען א פאטער אויף דער עלטער דארף אנקומען צו א קינד, איז עס א זוהן, זאגט ער צום פאטער: וואס זאל איך טהון, טאטעשי, אמת, איך בין טאקע דיינס א זוהן, אבער מיין ווייב איז דאך נישט דיינס א טאכטער, נו, וועט זי זיך כסדר צוליעב דיר ארומקריגען מיט מיר און דער שלום-בית וועט דאדורך צערשטערט ווערען.

איז ווייטער דאס קינד, ביי וועלכען דער אלטער טאטע וויל אויף דער עלטער אויסלעבען זיינע לעצטע יאהרען, א טאכ־טער, מאטיווירט זי ווייטער איהר אבזאג דערמיט, וואס דער מאן וועט זיך ערגערען איבער'ן אלטענס אויפהאלטען זיך ביי זיי. אזוי ארום האט דער אלטער קיין עצה נישט נאר צוגעהען אין מושב-זקנים אריין. וואלט די תורה אבער נישט גע'אסר'ט די עריות און א ברודער וואלט געמעגט נעהמען א שוועסטער פאר א ווייב, דאן וואלט דעם אלטען טאטען וואויל געווען זיין לע־בען אין די לעצטע יאהרען...

# דעם ווילנער גאון'ס פלייש

הבשר עודנו בין שניהם... (י"א, ל"ג).

דער דובנער מגיד האט אמאל געגעסען שבת ביים ווילנער גאון. בעת'ן פלייש עסען איז דעם דובנער פלוצלינג נישט גוט געווארען. ווען עס איז איהם א ביסעל בעסער געווארען, האט ער זיך אנגערופען צום ווילנער גאון:

— רבי, איך בין זיך אליין חושד אין א גרויסער עבירה, דאס אין מדבר בין איך אויך געווען צווישען די פרעסערס, וואס האבען געשריגען: „מי יאכילני בשר" און דערפאר האב

איך דא בעקומען דעם עונש פון: הבשר עודנו בין שניהם...

דער ווילנער גאון האט דערויף געענטפערט:

— איך פערזיכער אייך אבער, אז דאס פלייש, וואס איהר האט דא געגעסען, איז פון קיין שליו נישט געווען; עס איז פון הימעל נישט אראבגעפאלען, נאר איך האב דערפאר מיט מזומנים בעצאהלט...

## ווער וועט געבען א פדיון ?

ומי יתן כל עם ה׳ נביאים... (י״א, כ״ט).

דער סאבאטער רבי האט דערצעהלט אמאל דעם קוטנער רב ר׳ יהושע׳לען פאר׳ן רבי ר׳ אלימלך׳ס ווענען, דאס עס וועט קומען א צייט, ווען יעדער יוד וועט זיין בבחינת רבי: ער וועט זיין פרום, אבגעהיטען און האבען רוח הקודש ווי א רבי. דערביי האט דער סאבאטער אבגעזיפצט און אויסגערופען מיט פאטאס, ווי איינער וואס ווארט אונגעדולדיג אויפ׳ן אנקומען פון עפעס גוטס: ומי יתן כל עם ה׳ נביאים!

האט דער קוטנער רב אבער באלד אונטערגעהאפט אין א פרעגענדיגען טאן די ערשטע ווערטער פון פסוק:

— ומי יתן ? — ד. ה. אויב אלע וועלען זיין רביים, טא ווער זשע וועט געבען א פדיון?...



# פרשת שלח

## פארצייטישע דעלעגאטען קיין א״י

שלח לך אנשים ויתורו את ארץ כנען (י״ג, ב׳).

פאר עטליכע יאהר, בשעת דער פירטער עליה, האט כמעט יעדע גרעסערע שטאדט אין פוילען געשיקט דעלעגאציעס און שלוחים אויסצופארשען דעם באדען אין ארץ-ישראל און קויפען דארטען פאר זיי קאלעקטיווע נחלות. די דאזיגע מאדערנע „מרגלים" האבען אבער נישט צופיעל געוויסענהאפט ערפילט זייער מיסיע, אזוי דאס דער עולם, וואס האט זיי מיטגעגעבען געלד איינצוקויפען ערד, האט זיך דערנאך צערקריגט מיט זייערע שלוחים, אז זיי האבען מועל-בשליחות געווען. עס איז דאן גע-שאפען געווארען די פאלגענדע פאלקס-תורה: עס שטעהט אין דער תורה: שלח לך אנשים ויתורו, איז דאך קשה: פארוואס שטעהט עפעס „ויתורו" און נישט „וירגלו" אדער „ויראו"?

איז דער תירוץ אזוי: משה רבינו, קענענדיג זיינע יודע-לעך, אז זיי זענען נישט קיין צו-גרויסע עהרליכע לייט, האט ער געפרעגט דעם רבונו של עולם: דו אלמעכטיגער, וואס ביזט א בוחן כליות ולב, זאג מיר: וועמען זאל איך מאכען פאר שלוחים?

דערויף האט איהם גאט געענטפערט:

צופיעל עהרליך איז קיינער נישט פון מיינע יודעלעך, שלח לך אנשים ויתורו — דערפאר זעה צו שיקען א זעלכע מענשען, וואס וועלען נישט אלץ צונעהמען פאר זיך, נאר וועלען

פאר זייערע שיקערס אויך עפעס איבערלאָזען. (ויתורו פון לשון הותיר — איבערלאזען).

## „גאַדזשי" בן־סיסי!

גדי בן סיסי (י"ג, י"א).

דער דאזיגער נאמען ווערט בענוצט דורכ'ן פאָלק אלס רע־דענסארט, ווען מען וויל זאגען אויף איינעם, א דזמור־קאָפּ, אז ער רעדט נאַרישקייטען.

דאס ווארט „גדי" ווערט דא געטייטשט ווי „גאַדזשאַטש" (פלוידערען אויף פּויליש); בן־סיסי — פערדס זוהן (סיס ווי „סוס").

## דעם בערדיטשעווער'ס א חכמה

ויאמר ה' סלחתי כדבריך (י"ד, כ').

ר' לוי יצחק בערדיטשיווער האט אמאל יום־כפור נאך כל־נדרי, א קלאפּ־געטהון אין בית־המדרש־טיש און געזאגט: רבותי, די חז"ל זאגען: כל האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם, און דערפאר דערצעהל איך אייך דא:

„ויאמר ה' סלחתי כדבריך", און זאל דערפאר דער רבונו של עולם ברענגען די גאולה...

## דאָס אויסטעבה'ן זיך פון מגיד

דער קאָזשעניצער מגיד, וואס איז געווען כל ימיו א גרויסער חלוש, האט זיך אמאל געווענדעט בשעת'ן דאווענען יום־כפור צום רבוש"ע מיט די ווערטער: זעה נאר, גאָטעניו, ווי שוואך און קראנק איך בין, און דאך נעהם איך זיך אונטער מתפלל־צו־זיין פאר דיר היינט אזא גרויס און לאנג דאווענען, און דו, וואס ביזט א כל־יכול, וועסט דו דען נישט קאנען זאגען דאס איינע

וואָרט: „סלחתי״?...

# א „חוזק״-לשון

ויעפילו לעלות אל ראש ההר (י״ד, מ״ד).

א מלמד, נישט קיין איבעריגער למדן, לערנט אין חדר מיט זיינע תלמידים די סדרה „שלח-לך״: ויעפילו — און זיי זענען אראָבגעפאלען (פון נפול — פאלען) לעלות ארויפצוגעהען.

איינער פון די תלמידים שטעלט זיך אויף און גיט א פרעג דעם רבי׳ן:

— וואס איז דאס רבי, פאר א מין לשון: ממה נפשך: זענען זיי אראבגעפאלען, זענען זיי דאך נישט ארויפגעגאנגען, זענען זיי ווייטער ארויפגעגאנגען — זענען זיי דאך נישט אראבגעפאלען ?

דער רבי ווערט צערטומעלט, קלערט א ווילע, קוקט נאך אין די מפרשים און ענטפערט: אָווא! די דאזיגע קשיא האט, זעה איך, אויך געאהרט רש״י׳ן הקדוש, און דערפאר שרייבט ער: „ויעפילו לשון חוזק״ ד. ה. אויף פראסט יודיש: עס איז א חוזק לשון...



# פרשת קרח

## אין דער הויך שטעהט קורח

דער מלבי"ם האט זיך, ווי בעוואוסט, אין בוקארעשט פער־שאפט פיעל שונאים צוליעב זיינע מוסר־דרשות, וואס ער האט זעהר אָפט געהאלטען אין די דארטיגע שוהלען, אין וועלכע ער האט שטארק געשטראָפט די הארטהערציגע בוקארעשטער גבירים פאר זייער שלעכטע בעציהונג צו זייערע אָרימע ברידער.

איינער פון זיינע שונאים, א גרויסער גביר, איז געשטא־נען אמאָל אום שבת אויפ'ן באלקאָן פון זיין הויז פונקט דע־מאָלט, ווען דער מלבי"ם איז צוריקגעגאַנגען פון דאווענען אין שוהל. האט דער גביר אראָבגעשריגען פון באלקאָן צום מלבי"ם:

— רבי, וועלכע סדרה לייענט מען היינט?

דער מלבי"ם האט איהם געענטפערט:

— איהר ווייסט דאך, אז איך בין שוין נישט קיין יונגער מאַן און דערזעה נישט די קליינע אותיות פון חומש. אויבען האָב איך אבער געזעהען שטעהען (אין די גרויסע אותיות): קרח...

## ראשי תיבות פון „קרח"

קרח מאכט אויף ראשי־תיבות: קערשען, רעטעך, חריין. א סימן, אז אין דער וואך, ווען עס געהט די סדרה קרח, ווערען דעמאלט צייטיג קערשען, רעטעך, חריין.

# מחלוקת ווענען אומעטום דאָ

ויקח קרח... (ט״ז, א׳).

רש״י זאגט דערויף: „פרשה זו יפה נדרשת״. פרעגט די וועלט דערויף: — פארוואָס ווערט עפעס די פרשה שעהנער גע־דרשנ׳ט פון אלע פרשיות?

נאר רש״י׳ס כונה איז דאָ אזוי: כידוע, ווען עס קומט א מגיד, א דרשן אין אַ שטאָדט אריין און וויל האלטען אין שוהל א דרוש, זעהט ער פריהער, אז די טעמא פון זיין דרשה זאל זיין אקטועל און צוגעפאסט צו די בעדערפענישען פון דער שטאדט. למשל, אויב עס פעהלט דארטען א תלמוד-תורה, דרשנ׳ט ער ווענען דער מצוה פון לימוד תורה, — א מקוה, א שפיטאל א. ד. ג, דרשנ׳ט ער ווענען די דאזיגע ענינים. אזוי ארום קומט אויס, דאס פאר דער דרשה דארף דער מגיד געוואוינער ווערען, וואס פאר אנ׳אינסטיטוציע עס פעהלט אין דער שטאדט, כדי ער זאל ווענען איהר וויכטיגקייט און נויטיגקייט רעדען.

ווענען דער טעמא פון קרח אדער, ד. ה. ווענען דעם ענין פון מחלוקת און ווענען דער וויכטיגקייט פון שלום און אחדות ביי יודען, מעג יעדער דרשן גאנץ דרייסט דרשנ׳ען, ווייל ער איז בטוח, אז דער ענין מחלוקת איז אין יעדער שטאדט אקטו־על. דערפאר זאגט דאס רש״י: פרשה זו יפה נדרשת — די פרשה פון קרח ווערט אומעטום שעהן גע׳דרשנ׳ט, ווייל זי איז אקטו־על אין יעדער יודישער קהלה און שטאדט...

# קרח איז געווען „שפיציג״

ויקח קרח...

רש״י פרעגט: וקרח שפקח היה מה ראה לשטות זה — קרח וואס איז געווען א קלוגער, ווי פאלט ער אויס דא זיך צו בע־נארישען? פרעגט די וועלט דערויף: פון וואנען ווייסט דאס רש״י,

אז קרח איז געווען א פקח?

נאר קאן מען דאס פערענטפערען מיט צוויי תירוצים. איין תירוץ איז: עס שטעהט ויקח קרח — קרח האט גענומען. און כידוע, זאגט דאס שפריכווארט: גלופּי דאיע מאָנדרי ביערזשע — א נאר גיעט און א קלוגער נעמט...

נאך א תירוץ איז: עס שטעהט ווייטער אין חומש, אז קרח איז איינגעזונקען געווארען, און ווען ער וואלט נישט געווען „שפּיציג", ווי אזוי וואלט ער געקאנט אריין אין דער ערד?

# א פּאָנישער טייטש

ויקח קרח...

א ליטוואק, לערנענדיג מיט א חברה חומש-רש"י, האט א מאהל אזוי פערטייטשט אויפ'ן עכט פּאָנישען לשון די בעקאנטע רש"י: קרח שפקח היה מה ראה לשטות זה — דער קרח איז דאך יא געווען א מודריעץ, ווי פאלט ער אויס צו מאכען אזא האטשקע? האט ער דען נישט געוואוסט, אז ער מיט דער גאנצע שייקע וועלען געהן דא... (דא האט ער פערענדיגט מיט דער דרייגאָרענדיגער בעקאנטער רוסישער ברכה).

# א רבי'שער טייטש

ויקח קרח בן יצהר בן קהת בן לוי ודתן ואבירם...

א חסידישער רבי, נישט קיין קליינער עם-הארץ, האט א מאהל געטייטשט אזוי:

ויקח קרח — ווען א צדיק נעמט אנ'אייז קאלטע מקוה; בן יצהר — ווערט ער דעמאלט אויסגלייטערט (יצהר פון לשון צהר — לויטער); בן קהת — עס פערזאמלען זיך דעמאלט ארום איהם יודען; בן לוי — עס בעהעפטען זיך צו איהם חסידים; ודתן — און ער משפט זיי (פון לשון דת ומשפט); ואבירם —

און דער טאטע פאטער אין הימעל העלפט איהם אויך צו...

## קרח איז געווען אמת׳דיג רייך

ותבלע אותם... ואת כל הרכוש... (ט״ז, ל״ב).

— פון וואנען ווייסען די חז״ל פאדראבנע אויסצורעכנען קרח׳ס עשירות, וויפיעל אוצרות ער האט פערמאגט. א מעהר קרח האט דאך זיין גאנץ פערמעגען מיטגענומען מיט זיך אין דער ערד אריין?

— דערפאר ווייסען טאקע אונזערע חכמים וויפיעל קרח האט פערמאגט! ווארום, כידוע, שאצט מען אב יעדען גביר ביים לעבען, דאס ער פערמאגט א ממון קרח. מאכט ער אבער צו אנ׳אויג ווערט מען דעמאלט געוואויער, דאס ער איז גאר געווען א דלפון דלפונאָוויץ. קרח אבער, וואס איז א לעבעדיגער איינגעזונקען געווארען מיט זיין גאנץ פערמעגען, האט געוויזען אלעמען, דאס ער איז ווירקליך געווען א גרויסער עושר...

## קרח זינגט

וכל ישראל אשר סביבותיהם נסו לקולם... (ט״ז, ל״ד).

אייגענטליך איז דאך קשה: עס האט דאך דא גאר געדארפט שטעהן: נסו „מקולם״ — די יודען זענען אנטלאפען פון זייער שרייען?

דער תירוץ איז: אין דער מחנה ישראל איז געווארען א בהלה, א געשריי, אז קרח „זינגט״. האט דער עולם געמיינט אז קרח, וואס איז געווען א לוי, א משורר אין משכן „זינגט״ א נייעם ניגון, זענען זיי געלאפען איהם הערען...

(פאר ר׳ שלמה קלוגער׳ס וועגען).



# פרשת חוקת

## דער ציוניזם — א פרה אדומה

ויקחו אליך פרה אדומה... (י"ט ב').

א ווערטעל וועגען ציוניזם האט אין די ערשטע יאהרען פון זיין ענטשטעהונג שטארק קורסירט אין די קרייזען פון די רבנישע ציון-געגנערס און, ווי מען האט געזאגט, זאל עס זאגאר שטאמען פון גערער רבי'ן, דעם בעקאנטען שפת-אמת, אז דאס ציונות איז גלייך צו דער פרה אדומה, וואס איז מטמא טהורים און מטהר טמאים.

דאס איז געווען אנ'ענטפער פון די ציון-געגנערס אויף דעם ארגומענטירענדען פאקט, וואס די ציוניסטען האבען אויפגעוויזען, דאס טויזענדער יודען-אסימילאטארען, וואס האבען שוין גע-האלטען ביים אבפאלען פון יודענטום, האט דער ציוניזם צוריק מקרב געווען צום יודישען פאלק. דאס הייסט: אמת טאקי, אז דער ציוניזם האט אבגעראטעוועט פון שמד א סך אסימילירטע יודען, אבער אין דער אייגענער צייט שאדט דאס ציונות די אמת'ע רעליגיעזע יודען...

## גוט געבענשט

שמעו נא המורים... (כ', י').

א גרופע לעהרערס משכילים האבען צוזאמען אמאל גע-געסען אהן די היטלען אין א רעסטאראציע.

נאכ׳ן עסען האבען זיי, וועלענדיג אביסעל ליצנות מאכען, איינגעלאדען אנ׳עלטערען פרומען יודען, וואס האט אויך געגעסען אין דער זעלבער רעסטאראציע, צו בענשען מיט זיי במזומן. דער פרומער יוד האט אנגענומען די איינלאדונג און אָנגעהויבען דאָס בענשען מיט די ווערטער:

כידוע, ווען עס איז דא צווישען דעם מזומן איין רבי, דארף דער בענשער זאגען: „ברשות מורי ורבי״. דא אבער, וואו עס זיצען א סך רבי׳ס, זאג איך דערפאר: „שמעו נא המורים!״...

## די שפראך פון שטיינער

וירם משה את ידו ויך את הסלע... (כ׳, י״א).

באמרית איז טאקע נישט צו פערשטעהען: פארוואס דהאט משה נישט געהארכט דעם רבונו של עולם, וואס האט צו איהם דייטליך געזאגט: ודברתם אל הסלע — דו זאלסט בלויז רעדען צום שטיין, און ער איז גאר געגאנגען און דווקא געשלאגען דעם שטיין מיט זיין שטעקען?

מען קען אבער פערענטפערען משה רבינו׳ן, דאס ער האט געמיינט, אז די שפראך פון שטיינער איז — שלאגען... ווייל קיין אנדער לשון פערשטעהען זיי, די שטיינער, נישט...

## גרעסער פון משה׳ן

ויצאו מים רבים... (כ׳, י״א).

דער בעקאנטער שארפזיניגער גאון ר׳ אייזעל חריף, האט אמאל ארויסבעקומען א שיינע נדבה פון א זעהר קארגען גביר. דהאט ער דערנאך געזאגט אויף זיך, דאס ער איז גרעסער פון משה רבינו. ווייל משה האט פון א שטיין ארויסגעצויגען וואסער, און ער — געלד!...

# א שוחט איז בבחינת אדום

וימאן אדום נתן את ישראל עבור בגבולו ויט ישראל מעליו... (כ׳, כ״א).

ר׳ מאיר׳ל פרימישליאנער האט מעביר געווען א שוחט פון זיין שחיטה-פאסטען דערפאר, וואס ער האט נישט אריינגע-לאזט צו זיך אמאל א בכבוד׳יגען אורח איבערנעכטיגען.

זיין האנדלונג האט ר׳ מאיר׳ל מאטיווירט אזוי: א שוחט הייסט „אדום", אזוי ווי די גמרא שבת (קנ״ו ע״א) זאגט: האי מאן דבמאדים יהי גברא אשיד דמא. אר״א אי אומנא, אי גנבא, אי טבחא, אי מוהלא. ד. ה. א שוחט האט געמוזט געבוירען ווערען דעמאלט, ווען עס געהט דער מזל מאדים, וואס זיין סימבאל איז בלוט. און ווען אדום לאזט קיין יוד נישט אריין אין זיין גבול, דארפען די יודען זיך פון איהם אבצוקעהרען. אזוי ווי עס שטעהט: אין דער תורה: וימאן אדום נתן את ישראל עבור בגבולו, ויט ישראל מעליו...



# פרשת בלק

## בלק — א בחור מיט לאָקען

וירא בלק בן צפור (כ״ב, ב׳)

אַ יונגערמאַנטשיק, א משכיל אנ׳אויסגעפּוצטער מיט גע־קרייזעלטע לאָקען, איז אמאל געקומען, כלומרשט אלס חסיד, צו ר׳ מאיר׳ל פּרימישלאַנער מיט דער כונה אָבצולאַכען דערנאָך פאַר זיינע חברים פון ר׳ מאיר׳לס התנהגות. ווען ר׳ מאיר׳ל האט איהם דערזעהען, האט ער איהם געזאָגט דעם טייטש: וירא— מאיר האט געזעהען, בא לאָק (בלק)—אז ס׳איז צו איהם געקומען א בחור מיט לאָקען, בן — דהאט ער פערשטאנען, צפור — אז ר׳איז אַ גוט פייגעלע...

## אויפגעשטאנען — בלחוך השור

כלחך השור (כ״ב, ד׳)

ווען מען וויל זאָגען, דאס איינער איז אויפגעשטאנען זעהר פריד׳ה, זאגט מען: ער ד׳האט זיך אויפגעהויבען כלחוך השור. דער זין דערפון מוז זיין, ווייל זעהר פריה הייבען שוין אן די בהמות צו קייען...

## בלק איז געווען אַ בחור

לכה נא ארה לי את העם הזה (כ״ב, ו׳)

פון דאנען איז געדרינגען, דאס בלק איז נאך געווען

א בחור, ווארום, ווען ער וואלט געהאט א ווייב, וואלט ער נישט געדארפט דינגען בלעם׳ן, ער זאל געהן שעלטען די יודען...

## ראשי תיבות פון „בלק״

וידברו אליו דברי בלק (כ״ב, ז׳)

אנ׳עם-ארצ׳ישער רבי האט אמאל ביים טיש געזאגט די תורה: צי ווייסט איהר, מיינע חסידים, פארוואס דער רשע בלק (די בית פין בלק איז דא אהן א דגש) שטעהט דערמאנט אין דער תורה?

עס איז דערפאר ווייל „בלק״ מאכט אויף ראשי תיבות: ואהבת לרעך כמוך...

## יעדער שמיץ טהוט וועה

כי הכיתנו זה שלש רגלים (כ״ב, כ״ח)

פארוואס האט עפעס דאס אייזיל אויסגערעכענט וויפיעל מאל בלעם האט איהם געשלאגען?

כדי די בעלי-עגלות זאלען וויסען, אז יעדער שמיץ מיט דער בייטש טהוט וועה דער בהמה...

## א חמור דארף נישט רעדען פון מלאכים

ותאמר האתון אל בלעם הלוא אנכי אתנך (כ״ב, ל׳)

אייגענטליך איז קשה: פארוואס האט דאס אייזיל דערצעהלט בלעם׳ן א גאנצע מגילה ניט צו דער זאך, און דעם עיקר האט עס נישט דערזאגט, אז א מלאך האט דעם אייזעל פערשטעלט דעם גלייכען וועג און דערפאר האט עס כסדר געמוזט אבקעהרען אן א זייט?

דער תירוץ איז, דאס חאטש גאט האט געגעבען דעם

אייזיל אויף א ווײלע דעם כח־הדבור, דאך האט עס פערשטאנען, אז א חמור דארף נישט רעדען פון קיין מלאכים און געטליכע ענינים, ווייל צו אזעלכע זאכען דארף מען בעזיצען דחכמה און וויסענשאפט...

## ווען יודען אסימילירען זיך

הן עם לבדד ישכן ובגוים לא יתחשב (כ״ג, ט׳)

א גדול האט אמאל אזוי געטייטשט דעם פסוק: הן עם לבדד — ווען דאס יודישע פאלק מישט זיך נישט אויס מיט די איבעריגע פעלקער, ישכן — דעמאלט לאזט מען איהם רוהען אין לעבען בשלום, ובגוים — ווען ער אסימילירט זיך אבער צווישען זיינע שכנים, לא יתחשב—האלטען די אומות העולם אליין איהם נישט פאר קיין חשוב און זענען נאך איהם מבזה...

## מען טאר נישט רעדען אויף יודען

לא הביט און ביעקב ולא ראה עמל בישראל ה׳ אלהיו עמו (כ״ג, כ״א)

ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער, דער מליץ יושר אויף יודען, האט אזוי געטייטשט דעם פסוק: לא הביט און ביעקב — דער צדיק, וואס איז נישט מקטרג אויף יודען און זוכט נישט נאך אויף זיי קיין חטאים, ה׳ אלהיו עמו — פון איהם איז גאט צופרידען...

## ביי יעקב׳ן נישט דא קיין נחת

כי לא נחש ביעקב (כ״ג, כ״ג).

ווען עס הערשט ביי יודען מחלוקת, פאראפראזירט מען דערויף דעם פסוק: כי לא נחת (נחש) ביעקב — עס איז נישט דא ביי יעקב׳ן קיין נחת...

# פּאביעדאָנאָסצעוו'ס א טייטש

כעת יאמר ליעקב ולישראל מה פעל אל (כ"ג, כ"ג).

אין די אכציגער יאהרען פון פאָריגען יאהרהונדערט, ווען אין גאַנץ רוסלאַנד האט געבושעוועט די מגפה פון בלוטיגע פּאָגראָמען אויף יודען און דער צורר-היהודים איגנאטיעוו האט אויך דאן געהאט ארויסגעגעבען די בעוואוסטע „מאי-גזירות", איז לויט דער איניציאטיוו פון ר' יצחק אלחנן צוזאמענגערופען געווארען קיין פּעטערסבורג א רבנים-צוזאמענפאר, אויף וועלכעס ס'איז בעשלאסען געווארען צו שיקען א רבנים-דעלעגאציע מיט ר' יצחק אלחנן בראש צום אינערן-מיניסטער און בעטען ביי איהם מבטל צו מאכען די שענדליכע גזירות פון דריטען מאי און אבשטעלען די ווילדע פאגראמען. דורך דער השתדלות פון באראן גינצבורג האבען די רבנים אויסגע'פועל'ט אנ'אוידיענץ ביים מיניסטער איגנאטעוו. אבער צו דער אוידיענץ איז דורכ'ן דאמאָל'דיגען מיניסטער ספּעציעל איינגעלאדען געווארען דער צווייטער נאך גרעסערער המן פון דער פינסטערער תקופה, דער אויבער-פּראקוראר פון „סינאד" פּאביעדאנאסצעוו, וועלכער האט די רבנים נישט געלאזט קומען צום ווארט, נאר כסדר געשאטען פעך און שוועבעל אויף יודען. צווישען אנדערע זלזולים, האט ער זיך אויסגעדריקט דעמאלסט וועגען יודען אזוי: אלץ וואס גאט האט בעשאפען אויף דער וועלט איז מיר פערשטענדליך, ווייל יעדע זאך ברענגט ווירקליך נוצען דער וועלט, איינס אבער קען איך נישט פערשטעהען: נאכוואס האט גאט בעשאפען אזא פערשאלטען און שעדליך פאלק, ווי דאס יודישע איז, וועלכעס איז נישט מעהר ווי א אנ'אנגעזעצטע געשוויר אויף אונזער גרויסער און הייליגער רוסלאַנד און ברענגט קיינעם אין דער וועלט קיין נוצען נישט?

פערשטעהט זיך, אז פּאביעדאנאסצעוו'ס גיפטיגע ווערטער האבען מעהר געווירקט ביי איגנאטיעוו'ן, ווי די זאנפטע תחנונים

פון די רבנים און די גזירות זענען אויך ווייטער פערבליבען, ווען די רבנים זענען נידערגעשלאגענע און פערטרויערטע ארויס פון מיניסטער, האבען זיי צו זייער גרעסטער פערוואונדערונג בעמערקט א שמייכעל אויף ר׳ יצחק אלחנן׳ס געזיכט. אויף דער פראגע: וואס איז די גדולה?... האט ר׳ יצחק אלחנן געענטפערט: פון פאביעדאנאסצעוו׳ס פרעטענזיע צו גאט פערשטעה איך ערשט דעם פשט פון א שווערען פסוק אין חומש, וועלכער זאגט אן, אז אונזער ישועה איז שוין נישט ווייט. אין פרשת בלק שטעהט: כעת יאמר ליעקב ולישראל מה פעל אל הן עם כלביא יקום וכארי יתנשא, מאטערען זיך נעבעך די מפרשים צו געפונען דע-רויף א רעכטען פשט. קיינער האט מיר אבער נישט אזוי מפורש געמאכט דעם דאזיגען שווערען פסוק ווי גאר אט דער צר-הצורר פאביעדאנאסצעוו ימ״ש. דער פשט איז אזוי: כעת יאמר — עס וועט קומען א צייט, ווען מ׳וועט זאגען: ליעקב וישראל מה פעל אל — צו וואס האט גאט בעשאפען א יעקב מיט א ישראל, אזא פאלק, ווי יודען זענען? דעמאלסט זאלט איהר וויסען וועט זיך אנהויבען אויך די תקופה פון: הן עם כלביא יקום וכארי יתנשא, און אזוי ארום קענען מיר יעצט האפען, אז עס דערנעהנטערט זיך שוין די תקופה פון גלייכבערעכטיגונג און אויפריכטונג פון אונזער יודיש פאלק אין רוסלאנד.



# פרשת פנחס

## פנחס אין דער פרעמד

דער בעוואוסטער פראנקפורטער רב ר׳ פינחס האָרוויטץ, דער מחבר פון ספר „הפלאה״, האט זיך געפיהרט זעהר ברייט, ווען ער איז געווען אינטערוועגענס. ער פלעגט דעמאלט איינ־שטעהען אין אנ׳ערשט־קלאסיגען האָטעל און איבערגעלאזט שעהן לעצט־געלד די האָטעל בעדינער, ווי דער גרעסטער גביר. איינער פון זיינע מקורבים האט איהם אמאל געפרעגט:

רבי, פארוואס פיהרט איהר זיך אזוי ברייט אין דער פרעמד, בעת אין דער היים לעבט איהר זעהר בעשיידען?

ר׳ פנחס האט איהם אזוי געענטפערט:

איך פיהר זיך אזוי ווי פנחס פון חומש, וואס, כידוע, ווען ער איז אויף זיין שטענדיגען ארט (דאס הייסט די וואך, ווען עס געהט די סדרה פנחס) איז ער נעבעך שפל׳דיג, כמעט אין דער קלעם (די סדרה פנחס פאלט אויס כידוע אין „די דריי וואכען״ — די אזוי גערופענע: בין המצרים), אבער ווען פנחס פאהרט ארויס פון זיין ארט לאָזט ער זיך דעמאלט וואוילגעהען און מאַכט זיך דעמאלט א יום טוב (כידוע לייענט מען פנחס אין די שלש רגלים).

## פנחס א יחסן

פנחס בן אלעזר—בן אהרן הכהן (כ״ה י״א)

דער גאמען: „פנחס בן אלעזר״... איז ביים פאָלק

אנ'אויסדריק פון גרויסען יחוס, אזוי ווי דאס יודישע שפריכווארט זאגט: דהאסט דו געלד, ביזט דו א יחסן, ווען נישט, מעגסט דו זיין פנחס בן אלעזר בן אהרן הכהן, ביזט די פארט א פארך...

# א שוחט — א בעל עבירה

בקנאי את קנאתי (כ"ה י"א)

צום בעוואוסטען אפטער רב ר' יהושע העשעל איז אמאל געקומען א רב פון א סמוכ'דיג שטעדטיל אין איהם געבעטען, ער זאל געבען זיין הסכמה אויף מעביר צו זיין דעם דארטיגען שוחט, וועלכען מען האט געפאקט ביי אנ'עבירה מיט א גויה. דער רב איז געווען זיכער, אז דער אפטער רב וועט געוויס מסכים זיין אראפצוזעצען אזא בעל עבירה'דיגען שוחט. ווי ערשטוינט איז ער אבער געווארען, ווען ר' יהושע העשעל האט זיך דערויף אויף איהם גאר צעבייזערט אין אויסגעשריגען: היתכן מען זאל געהען צוליעב דעם א מענש צוברעכען אין צונעמען זיין פרנסה!

— סטייטש, רבי — האט דער רב גע'טענה'ט — פארוואס זאלען מיר דא נישט טהון מיט דעם שוחט דאס זעלבע, וואס פנחס האט געטהון, וועלכער האט פאר אזא עבירה דער'הרג'ט זמרי'ן לויט דעם דין פון דער גמרא: הבועל ארמית קנאים פוגעים בו — דער וואס זינדיגט מיט א גויה מעגען איהם פרומע יודען דער'הרג'נען.

— איך וויים פון אנ'אנדערען טייטש אויף „קנאים פוגעים בו" — האט איהם דער אפטער אבגעענטפערט — פוגעים איז פונ'ם לשון „פגיעה" — בעטען, תפלה טהון, אזוי ווי אונזערע חז"ל טייטשען: ויפגע במקום — ער האט אין יענעם ארט מתפלל געווען. דער פשט פון קנאים פוגעים בו איז נאך מיין מיינונג אזוי: קנאים — פרומע יודען, פוגעים — דארפען מתפלל זיין, אז דער זינדיגער זאל בעקומען א הרהור תשובה, ער זאל הרטה האבען

אויף זיינע זינדיגע מעשים און מעהר נישט זינדיגען...

# א חזן — א זמרי

ושם איש ישראל המוכה... זמרי בן סלוא (כ"ה, י"ד)

בעת דער בעוואוסטער גאון ר' פינחס האָרוויץ איז געווען רב אין פראַנקפורט דמיין, איז אין דער אייגענער צייט אויך דאָרטען געווען אנגעשטעלט א בעריהמטער חזן, א קל במצוורת, וואס איז אבער ביי קהל צוליעב זיין שעהנער שטימע שטארק בעליבט געווען. דער חזן האט אויסגענוצט זיין פּאָפּולאַריטעט אין כסדר געפאָדערט צו העכערען זיין שכירות, אויף וואס די קהלה מיט דעם רב האבען געמוזט מסכים זיין. דער חזן, זעהענדיג, אז די קהלה גיעט איהם אלץ נאך, האט ער איינמאל געוואָגט צו פאדערען א גלייכע פענסיע ווי דעם רב'ס. ווען ר' פינחס האט דערהערט די חוצפה'דיגע פאָדערונג פון חזן, האט ער אויף איהם געזאגט דעם בעקאַנטען תלמידישען מאמר: הוא עושה מעשי זמרי — ער איז נישט מעהר ווי א זינגער (זמרי פון לשון „זמר") ומבקש שכר כפינחס אין דאך וויל ער א גלייכע שכירות ווי דעם רב'ס...

# עס קומט איהם „שלישי"

כזבי בת צור ראש אומות (כ"ה, ט"ו)

א רב אין א שטעדטעל דהאט געהאט א טאָכטער א יפה-פיה, וועלכע דהאט בעקומען א זעהר שלעכטען נאמען פאַר איהר אוממאָראלישע התנהגות.

דאס האבען אויסגענוצט דעם רב'ס געגנער, וועלכע האבען איהם כסדר אטאקירט צוליעב די שעהנע מעשים פון זיין טאָכטער עס איז דערגאנגען אזוי וייט, דאס איינמאל שבת בשעת קריאת-התורה, האט זיך אנידערגעשטעלט איינער פון רב'ס שונאים און האט נישט געוואלט דערלאזען, אז מען זאל דעם רב אויפרופען

צי „שלישי״, די עליה, וועלכע מען גיט שטענדיג א רב.

— א רב — האט דער שונא געשריגען — וואס האט מגדל געווען אזעלכע גידולים, בעדארף דא נישט קיין „שלישי״!

דא איז אבער ארויפגעשפרינגען אויפ׳ן בעלעמער א יוד. א שטיק לץ, וואס איז אויך געווען נישט קיין איבעריגער גוטער פריינד דעם רב, און האט הויך געזאגט צום עולם: און איך וועל אייך בעווייזען א ראיה פון דער תורה, אז עס קומט יאָ אונזער רב „שלישי״!

ווי אזוי — האט דער עולם נייגעריג געפרעגט?

— אט הערט: עס שטעהט אין פרשת מטות (ל״א ח׳): את אוי ואת רקם ואת צור. זאגט דערויף רש״י אין פרשת פינחס (כ״ה ט״ז): צור היה חשוב מכולם — צור איז געווען דער חשוב׳סטער פון אלע מלכי מדין, ולפי שנהג בזיון בעצמו להפקיר בתו מנאו שלישי — און נאָר דערפאַר, וואס ער האט מפקיר געווען זיין טאכטער כזבי צו אויסגעלאסענהייט, דעריבער צעהלט מען איהם דעם דריטען ד. ה. דערפאַר קומט איהם שלישי. — יעצט האט פערענדיגט דער לץ — פערשטעהט איהר שוין אודאי פארוואס עס קומט אונזער רב אויך שלישי?...



# פרשת מטות

## אזוי ווי מטות — מסעי

ווען מען וויל זאגען, אז צוויי חברים געהען שטענדיג אינאיינעם, זאגט מען:

„זיי געהען אינאיינעם ווי מטות-מסעי"

דער זין פון דער רעדענסארט איז נישט בלויז דאס, וואס די צוויי סדרות געהען שטענדיג אינאיינעם, נאר אויך, אז דאס ווארט „מטות" קלינגט אזוי ווי דער מענשען-נאמען „מתת"... „און מסעי" בעדייט ווייטער — געהן, ציהען...

## גוט צוריקגעענטפערט

האחיכם יבאו למלחמה ואתם תשבו פה... (ל"ב, ו')

דער קעלעמער מגיד איז אמאל פערבייגעגאנגען א הויז פון א יודישען אריסטאקראט, א חצי משכיל און חצי אפיקורס. איז אפנים נישט איבעריג געפעלען געווארען דעם אריסטאקראט דער פאנאטישער מוסר'ניק, און ער האט דהינטערווייל'עכץ אנגערייצט אויפ'ן מגיד זיין בייזען הונד.

דער הונד האט אבער געחאפט א פסק פון מגיד'ס גראבען סענקעוואטען שטעקען. איז דא דער בעל-הבית געקומען צו הילף זיין הינד און אנגעשריגען אויפ'ן מגיד: רשע, למה תכה רעך!...

דער מגיד איז דעם אריסטאקראט קיין בעל־חוב נישט געבליבען און האט צוריקגעשריגען:

האחיכם יבאו למלחמה ואתם תשבו פה?!...



# פרשת מסעי

## ב׳מיין עס גאַנץ ערנסט

ויסעו מאלוש ויחנו ברפידים (ל״ג י״ד)

דער בעקאנטער בדחן שמואל מאטשעוויצער איז אמאל געפאהרען אויף דער באהן צוזאמען מיט אַ גרופּע גבירים. עטליכע פון זיי זענען צוגעשטאנען צו איהם און איהם געבעטען, ער זאל פאר זיי זאגען עפּעס פון זיינע בעריהמטע גראמען און גלייכווערטלעך. דער בדחן איז אבער דעמאלט נישט געווען אין א גוטער שטימונג, און ער האט זיך געבעטען, זיי זאלען איהם צו רוה לאזען. ווען די חבורה מה-יעשה׳ניקעס האבען אבער נישט געוואלט פון איהם אבשטעהען, האט ער צו זיי אזוי געזאגט: אין דער היינטיגער (גראַד איז דעמאלט געגאנגען די סדרה מטות-מסעי) סדרה שטעהט: ויסעו מאלוש ויחנו ברפידים, פערבערענט זאלען ווערען אלע נגידים!

וואט איז דאס פאַר א וויץ — האבען איהם געפרעגט זיינע מיטרייזענדע ?

— דאס איז לגמרי נישט קיין וויץ — האט געענטפערט דער בדחן — איך ווינש עס אייך גאנץ ערנסט!...

## אַ רמז אויף חנוכה

ויסעו ממתקה ויחנו בחשמונה (ל״ג, כ״ט)

דער אלטער בעלזער רבי ר׳ שלום, האט געזאגט, אז דאַ

אין דעם פסוק פון דער תורה געפינט זיך א בפירושער רמז אויף חנוכה. ווארום די נסיעה פון מתקה קיין "חשמונה" איז פונקט די 25-טע רייזע פון די יודען אין מדבר, און דאס איז א סימן, אז די „חשמונאים" וועלען האבען א גרויסען נצחון איבער די יונים אין 25-טען טאג פון כסלו, צוליעב וואס מיר מאכען חנוכה...

# דער טייטש פון „למעלה"

מנגב למעלה (ל"ד, ד').

אין מיטען לערנען חומש מיט די תלמידים האט די רבי'-צין געשיקט איהר מאן, דעם מלמד אויפהענגען וועש אויפ'ן בוידעם. דער מלמד האט געהייסען די קינדער, זיי זאלען דער-ווייל אליין איבער'חזר'ען דאס חומש און וואס זיי וועלען נישט ויסען, זאלען זיי שיקען איינעם פון זיי צום בוידעם און איהם פרעגען דעם טייטש. באלד איז איין יונגעל געקומען צום בוידעם און ארויפגעשריגען: רבי, מיר ווייסען נישט, וואס איז דער טייטש פון „למעלה"?

— העכער — (דער מלמד האט געמיינט דאס עס שטעהט אין חומש „למעלה" און נישט למעלה) — האט אראבגעשריגען דער מלמד.

דאס יונגעל האט געמיינט, אז דער רבי דערהערט נישט, וואס ער פרעגט איהם, האט ער גענומען שטארקער ארויפשריי-ען, אויף וואס דער רבי האט כסדר געענטפערט: „העכער" און: „העכער". ענדליך איז דער רבי אין כעס געווארען און זיך צע-שריגען: ממזר, וואס פרעגסט דו מיך אלץ? איך האב דאך דיר שוין געזאגט, א רוח אין דיין טאטען אריין!

יעצט איז דאס יונגעל צוריקגעקומען אין חדר און געזאגט, אז דער טייטש פוןווארט „למעלה "איז: „א רוח אין דיין טאטען אריין"

ווען דער מלמד איז אראָבגעקומען פון בוידעם און דערזאָט דערהערט, אז איין יונגעל טייטשט אזוי שיין דאס ווארט „למעלה" האָט ער געכאפט דעם קאַנטשיק און איהם גוט דערפאר אריינ־געצימבעלט.

דאס יונגעל האט זיך צערוויינט און געזאגט: איהר דערזאָט דאך אליין געהייסען אזוי טייטשען. דא האט זיך אבגערופען צום געשלאגענעם יונגעל דער פריהערדיגער שלידער, וואס האט געבּ־רענגט דעם טייטש:

גראבער יונגג! צי ווייסט דו נישט, אז צו א רבּין דארף מען זאגען: א רוח אין אייער טאַטען אריין...



# פרשת דברים

## שטעדט אָדער דערפער?

בין פארן ובין תפל ולבן וחצרות... (א׳, א׳).

מען האט אמאל געפרעגט א ישוב׳ניק די זעלבע קשיא, וואס רש״י ברענגט דא אויף דעם פסוק: אמר ר׳ יוחנן חזרנו על כל המקרא ולא מצאנו מקום ששמו תופל ולבן — ד. ה. וואו געפינען זיך דאָס אין ארץ-ישראל שטעדט מיט אזעלכע אויס-טערלישע נעמען ווי: תפל, לבן, חצרות, וואס ווערען אין ערגיץ נישט דערמאנט אין תנ״ך?

דער ישובניק האט געענטפערט:

— ווער זאָגט דען, אז דאס זענען געווען שטעדט? דאָס האבען, א פנים, געמוזט זיין גאר דערפער, וואָס זייערע נעמען און צאָהל אין יעדער מדינה ווייסט, כידוע, קיינער נישט גענוי אויסצורעכענען. א ראיה דערצו, אז דאס זענען געווען נאר דער-פער — האָט דער דארפסמאַן צוגעגעבען — עס שטעהט אין חומש: בין פארן — צווישען פויערען, און וואו וואוינען פוער-ען אויב נישט אין דערפער...

## אַ לבן איז רייך

ולבן וחצרות ודי זהב...

די וועלט זאגט: עהרליך לעבען — שווערליך לעבען. ד.ה., אז מיט גניבה און גזילה קען מען זיך גיכער און לייכטער

ערוועראבען א פערמעגען ווי מיט פראצע. און אויף דעם איז מרמז דער פסוק: ולבן — דער וואס איז אזא רמאי ווי לבן; וחצרות — דער קויפט זיך איין הייזער און הויפען; ודי זהב — און דער פערמאגט אויך א סך געלד.

# א קלוגער ענטפער

שמע בין אחיכם ושפטתם צדק... (א׳, ט״ז).

בעת דער בעוואוסטער גאון, דער רבי ר׳ העשעל, איז געווארען בר-מצוה האט, נאך זיין פלפול׳דיגער דרשה, וואס ער האט געהאלטען בשעת דער סעודת בר-מצוה, — איהם געפרעגט זיין פאטער, דער לובלינער רב, ר׳ יעקב:

— זאג מיר, איך בעט דיך, העשעלע, ווי אזוי האסט דו דיך נוהג געווען ביז היינט מיט׳ן יצר-הרע, וועלכע האט דיך אוודאי כסדר אנגערעדט צו זינדיגען, בעת קיין יצר-טוב האסט דו נאך ניט געהאט. ווארום, כידוע, זאגען די חז״ל, אז דער יצר-הרע ווערט גלייך געבוירען מיט דעם מענש, בעת דער יצר-טוב קומט צו איהם ערשט ווען, ער ווערט בר-מצוה?

דאס יונגעל העשעל האט געענטפערט דעם פאטער:

— ביז היינט האב איך דאך אבער לגמרי נישט געטארט הארכען דעם יצר-הרע, ווארום די חז״ל זאגען אויף דעם פסוק: „שמוע בין אחיכם ושפטתם צדק״: אסר לדיין לשמוע דברי בעל דין אחד עד שיבוא בע״ד חברו — דער דיין טאר נישט אויסהערען די טענות פון איין בעל דין אהן דעם צווייטען בעל-דין, און דערפאר יעדעס מאל, ווען דער יצר-הרע איז צוגעשטאנען צו מיר און האט מיך אנגערעדט צו זינדיגען, האב איך איהם געענטפערט: היות לויט דעם דין טאר מען איין צד אליין נישט אויסהערען, טא זיי זשע מוחל און ווארט אונטער ביז דיין צווייטער בעל דין, דער יצר-טוב, וועט קומען און דעמאלט וועל איך אייערע ביידענס טענות אויסהערען און וועל דאן זעהען

וועד פון אייך איז מעהר געדעכט. אזוי ארום האב איך מיך ביז היינט פון יצר הרע כסדר אבגעטשעפעט...

## דער יצר-הרע איז גוט

דער זעלבער רבי ר' העשעל איז געווען אלס יונגעל א גרויסער שטיפער און, ווי אלע געניאלע מענשען בשעת זייער קינדהייט. האט ער אויך ליעב געהאט אבצוטהון פערשידענע שפיצלעך, מיט וועלכע ער האט דערקוטשעט אלע אריינגעהער צו זיין פאטערס הויז.

איינמאהל, בשעת ער האט איבערגעהאפט די מאס, האט איהם דער פאטער שטארק אויסגע'מוסר'ט:

— ווי שעמסט דו דיך נישט, העשעל, צו פערנעמען זיך רק מיט טפשות און הבלים? בעסער נעם זיך צום לערנען!

— וואס בין איך שולדיג, טאטע,—האט זיך העשעלע פער-ענטפערט — אז דער יצר-הרע רעדט מיך אן צו די אלע נישט שעהנע מעשים?

— טאקי פון איהם, פון יצר-הרע, — האט ווייטער איהם געשטראפט דער פאטער—דארפסט דו זיך ארויסצונעמען א מוסר השכל: אט ער, דער יצר-הרע, וואלט אודאי געוואלט רוהיג זי-צען און נישט זיין קיין מחטיא את הרבים, נאר וואס דען? גאט האט איהם דערצו בעשאפען און דערפאר מוז ער בעל-כרחה אויספיהרען די נישט אנגענעהמע שליחות. טהו-זשע דו, העשעלע, אויך נאך דעם יצר-הרע און פאלג דעם רבונו של עולם צוגע-העך בדרך הישר!

— א שעהן גלייכען איז דאס! — האט געענטפערט העשע-לע — בשלמא דער יצר-הרע קאן פאלגען דעם רבוש"ע, ווייל ער האט דאך נישט קיין יצר-הרע, וואס זאל איהם אנרעדען צו טהון קאפויער. אבער איך האב דאך יא א יצר-הרע, טא וואס פאר א דמיון איז דאס?



# פרשת ואתחנן

## אַנ׳אָרימאַן מיט אַ סך קרובים

כי מי גוי גדול אשר לו אלהים קרובים... (ד׳, ז׳).

דער שטייגער איז, דאס אנ׳אָרימאן, וועלכער האט נישט מעהר ווי איין רייכען קרוב, קאן זיך צו איהם נישט יעדעס מאל ווענדען נאך הילף, ווייל ער וועט זיך דערמיט פער׳מיאוס׳ען אין זיינע אויגען. גוט איז אבער דעם אָרימאן, וועלכער האט א סך רייכע קרובים און קאן זיך יעדעס מאל ווענדען צו אנ׳אנדערען קרוב. צום רבונו של עולם קאנען זיך אבער יעדעס מאל די יודען ווענדען נאך הילף אזוי ווי צו א סך קרובים.

(דער רבי ר׳ בונים פון פשיסחא.)

## פון קינדער ווערט מען אלט

כי תוליד בנים ובני בנים ונושנתם.. (ד׳, כ״ה).

פון קינדער ווערט מען גרוי און אלט פאר דער צייט...

## מען מיינט: די צבועק׳עס

ועשיתם פסל תמונת כל... (ד׳, כ״ה).

ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער האט געזאגט, אז דער פסוק מיינט דא אויך די צבוע׳קעס, וואס נעמען אן אויף זיך פערשי־דענע געשטאלטען און פערמאסקירען זיך אויף וואס איהר ווילט נאָר: קומען זיי צווישען חסידים, ווייזען זיי זיך אלס פייערדיגע

אנשי-שלומינו; קומען זיי ווייטער צווישען פריידענקער, האלטען זיי דארט אויך מיט...

## א קלוגע עצה

אשר בשמים ממעל ואשר הארץ מתחת... (ה׳, ח׳).

א קלוגער רבי האט אמאל געטייטשט: אשר בשמים — אין הימעל זאכען; ממעל — זאלסט דו תמיד קוקען אויף אלץ, וואס איז העכער, ד. ה.: אויב דו קאנסט לערנען און ביסט א ירא-שמים, זאלסט דו נישט צוליעב דעם זיך גרויס האלטען, נאר זאלסט שטענדיג אין די דאזיגע הימעל-ענינים פערקוקען זיך אויף א זעלכע, וואס שטעהען העכער פון דיר, וואס זענען גרע-סערע לומדים און פרומער פון דיר; ואשר בארץ — דאגעגען אין ערדישע ענינים, אין תאוות און מותרות; מתחת — זאלסט די זיך פערקוקען אויף די, וואס שטעהען נידריגער פון דיר. ד. ה. דו זאלסט זיך קיינמאל נישט מקנא זיין אין די, וואס זענען זעהר רייך און פיהרען א ברייט פארשווענדעריש לעבען. קוק ליבערשט דעמאלט אראב נידריגער, וועסט דו זעהען א זעלכע ארימע און בויטבעדערפטיגע, וואס געגען זיי ביזט דו גאר אנ׳-עושר!

## לא תגנוב

ולא תגנוב... (ה׳, י״ז).

אנ׳עם-הארץ, א גראב נפש, האט אמאל חושד געווען דעם בעוואוסטען גאון און צדיק, ר׳ זלמעלע פון ווילנא, ווען ער איז געווען א יונגעל, דאס ער האט צוגע׳גנב׳עט פון איהם זיין סידור אין בית-המדרש, וואו ער האט געדאווענט.

— וואס הייסט! — האט דער עם-הארץ געשריגען — א בחור, וואס קען לערנען, זאל עובר זיין אויף לא תגנוב?״

ר׳ זלמעלע האט דערויף זיך אבגערופען מיט א שמייכעל:

— „ווען איך וואלט אפילו געהאט גע׳גנב׳עט דעם סידור, וואלט איך אויך נישט עובר געווען אויף לא תגנובו!“

דער עולם מתפללים האט געקוועטשט מיט די פלייצעס און שטארק זיך געוואונדערט אויף ר׳ זלמעלעס רייד: וואס הייסט, אז מען גנב׳עט א זאך איז מען דען דעריבער נישט עובר אויף „לא תגנוב“!

דער גאון האט דערנאך ערקלערט דעם עולם:

— איך מיין עס גאנץ פראסט, אז מען גנב׳עט א זאך, איז מען עובר אויף „לא תגנובו“, וואס שטעהט אין פרשת קדושים (זעה, וואס רש״י זאגט דארט!); דאגעגען דער לאוו „לא תגנוב“ פון די עשרת הדברות, געהט גאר ארויף אויף א גונב נפשות, אויף אזעלכען, וואס האנדעלט מיט לעבעדיגע סחורה.

## מ׳טאר קיינמאל נישט גנב׳ענען

ולא ותגנוב...

אין א שטעדטעל איז אמאל געווען א גרויסער צדיק, וואס איז אבער געווען נאך א גרעסערער אביון און האט פערמאגט נישט מעהר ווי איין שעפסעלע די שטאדט האט איהם געוואלט מפרנס זיין, אבער דער צדיק, חאטש ער איז אויסגעגאנגען ממש פון הונגער, האט דאך נישט געוואלט נהנה זיין און מקבל זיין א מתנה פון קיינעם. נעבען דעם צדיק האט געוואוינט א זעהר פרומער יוד, וועלכער האט נישט געקענט צוזעהען ווי דער צדיק הונגערט, איז ער געגאנגען און האט צוגע׳גנב׳עט דאס שעפסעלע, עס גע׳שחט׳ן און אויפגעגעסען, כדי ער זאל דארפען, ווי דער דין איז, דערפאר בעצאהלען „ארבעה“ — פיער שעפסען.

ווען דער שכן, דער פרומער יוד, האט געברענגט צום צדיק די פיער שעפסען, האט דער צדיק נישט געוואלט צונעמען מעהר ווי איין שעפסעל.

— דאס איז דאך אָבער כלל נישט קיין מתנה! — האט דער שכן געזאגט צום צדיק — עס קומט דאך אייך פיער שעפּ־סען, לויט דעם דין פון „ארבעה וחמשה"?

— ניין, מיין ליבער פריינד! — האט געענטפערט דער צדיק, איהר האט פערגעסען די גמרא, וואס זאגט: „לא תגנוב על מנת לשלם תשלומי ארבעה וחמשה" — מען טאר נישט גנב'ענען אפילו צוליעב דעם, כדי צו דארפען בעצאהלען דערנאך ארבעה וחמשה!"...

## ווער איז אַ דבר אחר?

ובכל נפשך ובכל מאדך... (ו', ה').

א מחבר פון א גוט ספר, א גדול בתורה, האט פאָרגעלעגט זיין חיבור צו א געוויסען סלאנימער גביר, אַ גרויסען קמצן, וואס איז פונקט דאן געזעסען ביים סלאָנימער רב, דעם בעוואוסטען ר' אייזעל חריף, און איהם געבעטען, ער זאָל ביי איהם קויפען א ספר. דער גביר האט צוגענומען דאס ספר און האט אבער דערפאר בעצאהלט א נישטיגע מטבע פון 20 קאָפּיקעס. דעם סלאָנימער רב האט שטארק פערדראָסען דער דאזיגער בזיון־התורה און האט דערפאר געפרעגט דעם נגיד:

— פארוואס גיט איהר עפּיס אזא קליינע מטבע פאַר אזא גוט ספר?

— מידה כנגד מידה! — האט געענטפערט דער גביר. — אזוי ווי דאס ספר איז קליין אין דער „מאָס", האב איך דערפאר געגעבען אויך קליין „מעות"!

ר' אייזעל האט זיך דערויף אנגערופען מיט א געלעכטער צום נגיד:

— זעהט אבער וואס רש"י זאגט אויף: „ובכל מאדך": ובכל ממונך — דער, וואס בעצאהלט א סך געלד. דבר אחר

במידה — דער, וואס בעצאהלט אבער לויט דער מאס, דער איז א דבר אחר...

# א חזן, וואס האלט פון עסען

את ה" אלהיך תירא... (ו׳, י"ג).

דער בעוואוסטער קעמפנער רב, דער מחבר פון „מעין הברכות", האט מעביר געווען פון זיין חזנות-פאסטען דעם קעמפנער חזן, מיט'ן נאמען שמעון, דערפאר, וואס מען האט איהם געפאקט ביי א זעהר גרויסער עבירה. דער המון, וועלכער האט אבער שטארק פון חזן געהאלטען צוליעב זיין שעהנער שטימע, האט זיך דערפאר געקלאגט אויף זייער רב פאר'ן גרויסען גאון ר׳ יוסף „צדיק" פון פויזען. דער קעמפנער רב האט אין זיין דהתנצלות-בריעף צום פויזנער רב פאראפראזירט די בעקאנטע שטעלע פון דתלמוד (פסחים כ"ב, ע"ב): „שמעון העמסוני דהיה דורש כל אתין שבתורה כיון שהגיע לאת ה" אלהיך תירא פירש" — אויף דעם אופן:

— שמעון זה היה דורש כל „עסען" (אתין) שבתורה: את דהחזיר, את הנבילה וארת הטריפה, כיון שהגיע ל„את ה" אלהיך תירא" פירש...



# פרשת עקב

## אז ער זאָל לעבען וויל?

והיה עקב תשמעון... (ז׳, י״ב).

א חסיד האט אמאָל דערצעהלט אין בית־המדרש, דאס זיין רבי, זאָל לעבען, האט געזאָגט תורה אין שבת פרשת עקב, וועגען דער מצוה פון כיבוד אב ואם.

— ווי אזוי קלעבט זיך עפּעס דער ענין פון כיבוד אב ואם צו פרשת עקב? — האָט איהם געפרעגט איינער פון די בטלנים.

— די דאָזיגע קשיא — האט געענטפערט דער חסיד — האט מיך אויך געאהרט. האב איך זיך נישט געפוילט און געפרעגט איהם זאָל לעבען אליין וועגען דעם. האט ער מיר מיניה וביה געענטפערט א תירוץ, ממש כפתור־ופרח.

— וואס דהיינו?

— אז דער ענין פּאסט זעהר גוט צו דער סדרה עקב, ווייל „עקב" איז דער ראשי־תבות פון „כיבוד אב ואם".

— צו זענען די גויים משוגע אדער וואס — האט זיך עטלעכע בטלנים צוקאכט — „עקב" לייגט זיך דאך נישט אויס: א, כ, ו, נאָר — ע, ק, ב, ?

גיט אבער דער חסיד א קלאפּ אין טיש און שרייעט אויס:

— בהמות! חמורים! צי ווייסט איהר דען נישט, אז הצדיק

גוזר והקב"ה מקיים — אז ער זאל לעבען וויל דווקא, אז „עקב" זאל מאכען כיבוד אב ואם — מאכט עס אזוי!...

## ווער פירט א מחלוקה איבער א חזן?

שמלתך לא בלתה מעליך ורגלך לא בציקה זה ארבעים שנה (ח׳, ד׳)

דער קוטנער רב, דער בעוואוסטער גאון ר׳ יהושע׳לע, האט אמאל מעביר געווען דעם קוטנער חזן פון זיין חזנות-שטע-לע דערפאר, וואס מען האט איהם געפאקט ביי א גרויסער עבירה. איז אבער דער חזן צוליעב זיין שיינער שטימע שטארק בעליבט געווען ביי די שוסטערס און שניידערס, און זיי האבען פערפיהרט דערפאר א מחלוקה געגען קוטנער רב. דער קוטנער האט דערויף געזאגט דאס גלייכווערטעל:

— עס איז מיר שטענדיג קשה געווען: פארוואס האבען די יודען אין מדבר פערפיהרט געגען משה׳ן כל-ערליי מחלוקת׳ן צוליעב פערשידענע זאכען און נאר צוליעב א חזן האבען זיי קיין מחלוקה נישט געפיהרט?

יעצט איז מיר אבער די זאך גאנץ פשוט פערענטפערט געווארען: ווייל ווי איך זעה פערפיהרען א מחלוקה וועגען א חזן נאר די שוסטערס און שניידערס. און אזוי ווי די דאזיגע בעלי-מלאכות האבען אין מדבר כלל נישט עקזיסטירט, ווייל מען האט זיך דאך אין זיי נישט גענויטיגט, אזוי ווי עס שטעהט: שמלתך לא בלתה ורגליך לא בציקה — די קליידער זענען נישט צוריסען געווארען און די פיס זענען נישט געשוואלען גע-ווארען, איז דערפאר ממילא דעמאלט נישט געווען קיין חזנות-מחלוקה!...

## נאך דעם עסען דארף מען בענטשען

ואכלת ושבעת וברכת (ח׳, י׳).

די סעודת־שבת האט אמאָל דעם בעוואוסטען רב, ר׳ ישעיה׳לע פּראַגער, נישט איבעריג געשמעקט. האט ער נאכ׳ן עסען אויף א דעליקאטנעם אופן געפרעגט די רביצין, וועלכע איז געווען אנ׳אשה רעה, וועגען דער סיבה דערפון. האט זי אלס ענט־פער אנגעהויבען צו שיטען אויפ׳ן מאן א מבול מיט קללות, רופט זיך אב צו איהר ר׳ ישעיה׳לע:

— טהוסט דאך, אשה, שלא כדין: נאכ׳ן עסען דארף מען בענשען, און דו לבסוף שעלטסט גאר!...

## היט דיך די פּעֶן!

השמר לך פן תשכח (ח׳, י״א).

די וועלט זאגט: השמר לך פן — ה״יט דיר אב די פּען (פּעדער). א מענש דארף זיין זעהר פארזיכטיג מיט דער פּעדער, ער זאל זיך נישט איילען אונטערשרייבען פאר קיינעם קיינע ערבות׳ן, ווייל טאָמער וועט ער דארפען דערנאך פאר יענעם בעצאהלען.

## א רב דארף הונגערען.

לחם לא אכלתי ומים לא שתיתי (ט׳, ט׳)

פאַרוואס זענען די רבנים על פי רוב גרויסע ארימע לייט און גאנץ אפט הונגערען זיי צו?

— ווייל א רב איז דאך בבחינת משה, און משה רבינו אליין זאגט דאך אויף זיך: לחם לא אכלתי ומים לא שתיתי...

## פאַרוואָס האלט ער נישט פון ארץ־ישראל

ארץ... עיני ה׳ אלהיך בה מראשית השנה ועד אחרית

השנה (י״א, י״ב)

מ'האט אמאל געפרעגט א יוד א גביר: פארוואס ווילט איהר ניט פאהרען קיין ארץ־ישראל און בעזעצען זיך דארט?

— וויל וועגען ארץ־ישראל — האט ער געענטפערט — זאגט די תורה: עיני ה׳ אלהיך בה — גאָטס אויגען קוקען אויף ארץ־ישראל א גאנץ יאהר, און איך האב אבער פיינד, אז מ'זאל מיר ארייגקוקען אין דער שיסעל...

## עשו אין קריאת־שמע

ונתתי עשב בשדך (י״א, ט״ו)

א רייכער ישוב'ניק, וואס האט זיך איבערגעצויגען פון דארף אין דער שטאדט, האט זיך געקויפט א „שטאדט״ אין שוהל אויף דער מזרח־וואנד נעבען רב. דער ישוב'ניק, וואס האט זיך געהאלטען פאר א גאנצען ירדן (ידען) און האט גע־האלטען אין איין פרעגען דעם רב נארישע און עם־הארצ'ישע שאלות, האט איינמאל געפרעגט דעם רב:

— עס שטעהט אין קריאת־שמע: עשב בשדך, ווי קומט עפעס דער פאטער עשו אין קריאת־שמע אריין?

— מסתמא — האט געענטפערט דער רב — האט זיך דער פאטער עשו, וואס איז געווען א רייכער מאן, געקויפט א שטאדט אין קריאת־שמע...



# פרשת ראה

## דער טייטש פון „ראה אנכי״

ראה אנכי נותן (י״א, כ״ו)

אייגער אנ׳אפיקורס, א סקעפטיקער האט געהאט א וויכוח, (דיספוט) מיט א פרומען יוד מכח אמונה-ענינים. דער סקעפטיקער האט זיך ארויסגעזאגט, דאס ער גלויבט נישט, אז די אלע אויסטייטשונגען דרשות און פשטים פון די רבנים, אין דער תורה זאלען זיין ריכטיג.

דער פרומער יוד, אויסהערענדיג די אלע סקעפטישע טענות פון אפיקורס, האט איהם געפרעגט:

— זאג מיר, איך בעט דיך, וואס פאר א סדרה געהט היינט?

— ראה! (גראד איז דעמאלט געגאנגען די סדרה)

— וואס איז דער טייטש פון „ראה אנכי״?

— וואס פרעגט איהר מיך עפעס אזא טייטש, וואס אפילו א חדר-יונגעל ווייסט צו פערטייטשען: ראה — זעה; אנכי — איך.

— איך האב דיך ספעציעל געפרעגט דעם טייטש, כדי דו סקעפטיקער, זאלסט מיר טאקי דא ערקלערען — האט געענטפערט דער פרומער יוד, — פון וואנען ביזט דו זיכער, אז אזוי איז טאקי דער אמת׳ער טייטש, אפשר איז גאָר דער טייטש פערקעהרט ראה — בלינד; אנכי — דו?...

דער אפיקורס האט פערשטאנען דעם צווייידייטיגען ווינק פון זיין געגנער און האט זיך שטארק פערשעהמט.

## א קללה פון א רבי'ן איז א ברכה

ונתת את הברכה על הר גריזים (י"א, כ"ט).

דער שטייגער פון בעוואוסטען בעלזער רבי'ן ר' יהושע רוקח איז געווען, דאס ווען א יוד אדער א יודענע איז צו איהם געקומען נאך א ברכה און ער האט איינגעזעהן, אז זיי דארפען געהאלפען צו ווערען, האט ער זיי געשאלטען מיט פערשידענע קללות. די, וואס האבען בעקומען פון רבי'ן די קללות, זענען אבער דערפון שטארק צופרידען געוועזן, ווייל זיי האבען גע-וואוסט, אז דעם רבי'נס קללה איז א סימן ברכה.

ר' יהושע רוקח אליין האט צו זיין דאזיגער אריגינעלער התנהגות געבראכט א ראיה פון דער תורה. עס שטעהט: ונתת את הברכה על הר גריזים. דאס ווארט גריזים מאכט אויף פער-קעהרט: רגזים — צערנען, בייזערן זיך. דאס איז א סימן, אז דא, וואו גאט צערנט, דארט רוהט די ברכה.

## א רבי קען נישט לערנען

ונתן אליך אות או מופת (י"ג, ב')

— פון וואנען איז געדרונגען, דאס א חסידישער רבי דארף נישט קענען לערנען?

— פון דאנען. עס שטעהט: „ונתן אליך אות או מופת", איז דאך אין פלוג קשה: וואס טויג מיר עפיס דער „או", עס האט דאך געקאנט שטעהן: אות ומופת? איז דער תירוץ אזוי: דער, וואס קאן אנ'אות, ד. ה.: ער קען לערנען, דער קאן נישט ווייזען קיין מופת (קען נישט ווערען קיין רבי); דער וויטער, וואס קאן יא ווייזען א מופת, קען נעבעך נישט קיין אות...

# די תורה פון א יודענע

ר׳ זלמן פויזנער, דער בעקאַנטער וואַרשעווער גביר און מתנגד, האט אמאָל געטשעפעט דעם אלטען וואַרקער רבי ר׳ יצחק און איהם געפרעגט:

— פאַרוואס האט דאס ווייב געזאגט צום „איש חסיד״: „ותורה מצאת כי יגעת מה נאכל מעתה״ — לערנען קאנסטו, טא וואס וועלען מיר יעצט עסען? אז מען קאן לערנען — איז דאס דען א חסרון צו פרנסה?

— ווען דער וואַרקער רבי האט איהם דערויף גארנישט געענטפערט, האט ר׳ זלמן ווייטער געזאגט: דער תירוץ איז אזוי: כידוע קענען די רביים נישט לערנען, דערפאַר האט איהם דאס ווייב געגעבען צו פערשטעהען ווי שלעכט זייער מצב איז, דאס אפילו קיין רבי קאן ער אויך נישט ווערען צוליעב זיין לומדות... דערויף האט דער וואַרקער רבי א שמייכעל געטהון און געזאגט:

— עס פאסט גאר נישט פאר אזא למדן ווי ר׳ זלמן איז — נאכצוזאגען א תורה פון עפעס א יודענע!...

# די עבירה וואָלט געווען א מצוה

ובערת הרע מקרבך (י״ג, ו׳)

פאר׳ן בעוואוסטען גאון ר׳ יחזקאל לאנדוי, דעם מחבר פון „נודע ביהודה״, האט זיך אמאל בעריהמט אנ׳אפיקורס, דאס ער האט שוין איבער געווען אויף אלע עבירות פון דער תורה חוץ אויף דער עבירה פון: המאבד את עצמו לדעת אין לו חלק לעולם הבא — קיין זעלבסטמאָרד איז ער נאך נישט בעגאנגען...

— פאר דיר — האט דעם אפיקורס געענטפערט דער נודע ביהודה — וואלט אָבער די זאך כלל קיין עבירה נישט געווען. פערקעהרט א מצוה גאָר, ווייל דו וואלסט דערמיט מקיים גע-ווען דעם פסוק: „ובערת הרע מקרבך״...

# קיין אָרימאַן וועט נישט אויספּעהלען

כּי לא יחדל אביון מקרב הארץ (ט״ו, י״א)

דער קעלעמע מגיד, ווענדיג אמאָל ארויסציהען פון די גבירים געלד פאר די אָרימע לייט׳ס וועגען, האט ער זיך גע-ווענדעט צו זיי אין זיין דרשה מיט די ווערטער:

— אין אייערע אייגענע אינטערעסען, טייערע גבירים, ליגט עס, דאס איהר זאלט שטיצען די אָרימע לייט, ווארום ווען נישט, וועלען זיי, די ארימע לייט, דאָך אויסשטאַרבען, און אזוי ווי עס שטעהט אין חומש א בפירוש׳ער פסוק: כי לא יחדל אביון מקרב הארץ — קיין קבצן וועט קיינמאָל נישט אויספּעהלען אויף דער וועלט, וועט דאָך דערפאר ווער פון אייך מוזען פערטרעטען דעם אָרימאַנ׳ס אָרט...



# פרשת שופטים

## פון א שוחט געווארען א רבי

שופטים ושוטרים (ט״ז, י״ח)

דער בראדער מגיד, דער בעוואוסטער ר׳ שלמה קלוגער, איז איינמאל געוועזן צו גאסט ביים טארנאפאלער רב. צווישאן די דייגים פון טארנאפאלער רב׳ס בית-דין איז געווען איינער, וואס איז פריהער געוועזן שוחט און דערנאך געווארען דיין. ווען ר׳ שלמה קלוגער האט זיך דערפון דערוואוסט, האט ער געזאגט צום טאר־נאפאלער רב:

— מרא דאתרא! איהר האט עובר געוועזן אויף דער תורה בשוגג!

— דהיינו?

— עס שטעהט דאך אין חומש: שופטים ושוטרים, און ניט: — שוחטים ושוטרים...

## א קלוגער שוחט

ולא תקח שחד (ט״ז, י״ט).

א רב, א לוקח שוחד האט זיך אמאל צערקריגט מיט׳ן שוחט פון זיין שטאדט און צו איהם געזאגט:

— דו ביזט אנ׳ע״ין פ״א! (דאס זענען די ראשי תיבות פון: „עזות פנים״).

דער שוחט האט איהם צוריקגעענטפערט:

— און איהר זענט אַ למ״ד שי״ן! (די ראשי תיבות פון „לוקח שוחד״).

— איך האָב דאָך כלל נישט געזאָגט קיין זידעל-וואָרט!— האָט זיך דער רב באַלד גענומען פערענטפערען פאַר׳ן שוחט, — די אותיות ע״ין פ״א זענען דאָך נישט מעהר ווי ראשי תיבות פון: ערב פסח?!

— און איך — האָט געענטפערט דער שוחט — האָב אויך חלילה נישט געהאַט בדעה אייך צו זידלען. ווייל די אותיות למ״ד שי״ן זענען נאָר ראשי תיבות פון: ליל שמורים...
(די נאַכט פון פסח הייסט: ליל שמורים.)

## שותפות מיט אַלעמען.

ולא תקח שוחד.

אַ בעל-מלאָכה, אַ פּראָסטער יוד, אָבער נישט קיין נאַר, האָט זיך שטאַרק משמח געווען אין שמחת-תורה; ער האָט געהאַלטען אין שוהל די ספר-תורה אין האַנד און געטאַנצט מיט איהר און געזונגען העכער פון אַלע. האָט דאָס אָבער שטאַרק פערדראָסען דעם חסידישען דיין. ער געהט צו צים טענצער און פרעגט איהם:

— זאָג נאָר, פּראָסטאַק, וואָס איז מיט דיר די שמחה, האָסט עפּיס אַסך תורה געלערענט?

— האָב איך נישט געלערענט — האָט איהר דערפאַר געלערענט; און אַז ביי מיין ברודער איז אַ שמחה, איז עס דען נישט גלייכצייטיג אויך מיין שמחה? — האָט איהם אָבגעענטפערט דער קלוגער בעל-מלכה.

— ווי איז אָבער דער דין — האָקט איהם איבער דער דיין — אַז אייער ברודער וויל אייך כלל נישט האָבען פאַר קיין מחותן אויף זיין שמחה?

— אויב אזוי, טא פאר וואס האלט איהר, רבי, מיך אין יום-כפור יא פאר א מחותן און דזבר׳ט זיך דעמאלט מיט מיר גאר שטארק? איהר הייסט מיך דאן קלאפען זיך אין הארצען: „על חטא שחטאנו לפניך בכפת שוחד״? שוחד נעהמט איהר דאך, נישט איך, דוכט זיך, און דאך הייסט איהר מיך קלאפען זיך אין הארצען גלייך איך וואלט אין דעם עסק אייער שותף געווען. דערפאר מעג איך אויך היינט פרעהען זיך מיט דער תורה, וואס כאטש נאר איהר האט זי געלערענט און נישט איך; אז שותפות איז שותפות מיט אלעמען...

## א טייטש פון קאצקער רבי׳ן.

צדק צדק תרדוף (ט״ז, כ״)

דער קאצקער רבי האט געטייטשט: דעם צדק זאלסט דו נאכיאגען מיט צדק...

## די הענד זענען עדות.

יד העדים תהיה בו בראשונה (י״ז, ז״)

פאר וואס קלאפט מען זיך יום-כפור „על חטא״ מיט די הענד אויפן הארצען?

— ווייל די הענד זענען עדות אויף אלע בעגאנגענע חטאים. אזוי ווי עס שטעהט אין „ונתנה-תוקף״: וחותם יד כל אדם בו — יעדער מענש חתמ׳עט אונטער אליין אין ספר הזכרונות זיינע אייגענע זינד. דערפאר דארפען די הענד די ערשטע מקיים פסק זיין איבער׳ן חטא, ווי עס שטעהט אין דער תורה: יד העדים תהיה בו בראשונה.

## א בגיר האט קיין טעם נישט

ולא ירבה לו נשים ולא יסור לבבו וכסף וזהב לא ירבה לו (י״ז, י״ז).

פאַרוואס אויף די אַלע „לא ירבה׳ס״ שטעהט באַלד דער־נאך א טעם פאַרוואס צו טאר נישט מעהרען: לא ירבה לו סוסים כדי) ולא ישיב את העם מצרימה; לא ירבה לו נשים — ולא יסור לבבו. נאר אויף דעם „ולא ירבה לו כסף וזהב״ שטעהט דערנאך נישט קיין שום טעם?

— ווייל צופיעל געלד זאמלען האט קיין שום טעם נישט...

# אַ תם און אַ חכם

תמים תהיה עם ה׳ אלקיך (י״ח, י״ג).

דער רבי פון לובלין האט פארגעהאלטען זיין תלמיד, דעם בעוואוסטען ר׳ נפתלי ראפשיצער פאַר זיין שטייגער צו חכמ׳נען זיך און זאגען שטענדיג וויצען און גלייכווערטלעך.

עס שטעהט דאך אין דער תורה — האט איהם געזאגט דער רבי פון לובלין: — „תמים תהיה עם ה׳ אלהיך״ און נישט „חכם תהיה עם ה׳ אלקיך״, איז דערפון געדרונגען, אַז תמימות איז בעסער ווי חכמה.

— אמת, רבי, — האָט געענטפערט ר׳ נפתלי — מען דארף אבער האבען א סך חכמה כדי צו קענען זיין א תמים מיט׳ן רבונו של עולם...



# פרשת תצא

## געטהון ווי די תורה הייסט

שלח תשלח את האם והבנים תקח לך (כ״ד, י״ז).

ר׳ יעקב לובלינער, דער פאָטער פון דעם בעוואו־סטען שאַרפזיניגען גאון רבי ר׳ העשעל, האט געהאט א געוועלב פון צוקערלעך, אין וועלכען זיין ווייב, ר׳ העשעל׳ס מוטער, איז געשטאַנען א גאנצען טאָג און פערקויפט. דער קליי־נער העשעל, וועלכער איז געוועזן א גרויסער ליבהאבער פון נאַשעריי, האט זיך נישט בעגנוגענט מיט די פאָר צוקערלעך, וואס די מוטער פלעגט איהם געבען יעדען טאג. איז ער געפא־לען אמאל אויף אזא המצאה: ער איז אריין צו דער מוטער אין געוועלב און איהר געזאגט, דאס דער פאטער רופט זי וועגען א זעהר נויטיגער זאך. די מוטער איז אוועקגעגאנגען, איבערלאזענדיג איהר קליינעם העשעל אין געוועלב. באלד זענען אָבער צוריק געקומען די מוטער מיט׳ן פאטער צוזאמען, וועלכע האבען שוין פערשטאנען, וואס זייער זוהנדעל האט געמיינט מיט זיין ארויס־נארען די מוטער פון געוועלב און האבען בעמערקט, אז העשעלע האט געמאכט א תל פון שענסטען צוקערוואַרג. אממיינסטען האט ער „אויפגעלאזט זיין כעס״ צו די שעהנע צוקערקעס, וואס הא־בען געהאט א געשטאלט פון מענשען און האבען זיך גערופען דעמאָלט „קינדערלעך״.

— גענואלד, העשעלע, וואס האסט דו דא געטהון! — האט דער פאטער זיך צעשריגען.

— וואס פאר א פערברעכען בין איך דא בעגאנגען? — האט העשעלע געלאסען געענטפערט. — איך האב דאך געטהון ווי די תורה הייסט: שלח תשלח האם — זאלסט אוועק שיקען די מאמע, ואת הבנים תקח לך — און די קינדערלעך זאלסטו דיר נעמען...

## דער טעם פון לא תחרוש...

לא תחרוש בשור וחמור יחדיו (כ"ב, י')

דער בעוואוסטער ראדזינער רבי, ר' גרשון העניך, איז אמאל געקומען אינקאָגניטאָ, אהן משמשים און גבאים, אין א ווייטע שטאדט. ווען ער איז אריין אין ביהמ"ד, האט ער געזעהן דארט פערזאמעלט א סך אָרימע לייט, וועלכע האבען כסדר גע-ליארעמט, געביטערט און בעקלאגט זיך אויף וועמען.

— וואס איז ? — האט דער ראדזינער רבי געפרעגט די אָרימע לייט.

— דער גרעסטער גביר אין שטאדט מאכט יעצט חתונה. האט ער געבעטען די גאנצע שטאדט, נאר אונז ארימעלייט לאזט ער קיינעם נישט אריין אין זיין הויז! — האבען די ארימע לייט געענטפערט.

— קומט מיט מיר! — האט דער רבי צו זיי געזאגט.

דער רבי האט אָנגעקלאפט אין דער טיר פון גביר'ס הויז. אבער מ'האט איהם פון דארט געענטפערט:

— קיין אורחים לאזט מען נישט אריין!

— איך האב אבער א נויטיגע שאלה צו פרעגען דעם רב!

דאס האט געהאלפען און מ'האט דעם רבי'ן ארייגעלאזט. ער איז צוגעגאנגען צום רב, וואס איז געזעסען אויבענאןביים חתן און האט איהם געפרעגט:

— רבי, וואס איז דער טעם פון דעם ל'און אין דער תורה: „לא תחרש בשור ובחמור יחדו”? פארוואס טאר מען נישט אקערען מיט אנ'אָקס און אנ'אייזעל צוזאממען?

— עס איז א דוק און א דוק האט נישט קיין טעם! — האט דער רב געענטפערט.

— און איך וועל אייך יא זאגען! — האט דער ראדזינער זיך אבגערופען — פארוואס מטאר נישט אקערען מיט אנ'אָקס און אנ'אייזעל צוזאממען. ווייל כידוע איז אנ'אָקס מעלה־גרה, וועט דער אייזעל מיינען, אז דער אקס עסט כסדר און וועט האבען דערפון גרויס צער, און איהר ווייסט דאך, אז מיט צער בעלי חיים רעכענט זיך שטארק די תורה. היינט־זשע, רבי לעב, — האט דער ראדזינער געהעכערט זיי שטימע, אז דער גאנצער זאאל האט געהערט, — וואס פאר א צער בעלי־חיים איז דאס, ווען א גאנצע שטאדט עסט און טרינקט און לאָזט זיך וואויל־געהן און די ארימע לייט לאזט מען נישט צו צו דער שמחה?!...

## דער הונד איז מקיים די עשה

לנכרי תשיך ולאחיך לא תשיך (כ״ג, ב״א).

א מגיד, פאר זיין אריינגעהען צו א גביר, א קמצן נאך א נדבה, איז איהם בעפאלען ביי דער טהיר דעם גביר'ס א הונד און האט איהם אָבגעביסען א שטיק פאַלע.

— ווי האָלט דאס א יוד אזא בייזען הונט, וואס צערייסט קליידער ביי מענשען! — האט זיך דער מגיד בעקלאגט דערנאך פאר'ן גביר.

— איך ווייס נישט, וואס איהר ווילט פון מיין הונט, — האט דער גביר אין האלב דוזק'דיגען טאָן געענטפערט — עס דרעהען זיך ארום אין מיין הויף גענוג משרתים און אייגענע מענשען און פרעגט זיי אדרבא, צו דער הונט האט נאך ווען

פון זיי אמאל זאטשעפיעט!

צי איהר זענט מקיים — האט — זיך דער מגיד אבגערו-פען דארויף צים גביר — די אלע מצוות-עשה'ס פון דער תורה, ווי אשטייגער: א „נתן תתן" בין איך מסופק, דערפאר זעה איך אבער, אז אייער הונט איז יא מקיים דעם פסוק פון דער תורה: „לנכרי תשיך ולאחיך לא תשיך"...

## ווער פיפיגער ישיבה בחור.

כי תבוא בכרם רעך ואכלת ענבים... ואל כליך לא תתן. (כ"ג, כ"ה).

א יודישער וויינגערטנער האט אמאל געכאפט זיינס א פועל (לאנדווירטשאפטליכער ארבייטער), א געוועזענער ישיבה-בחור ווי ער ד'האט געריסען פון די בוימער וויינטרויבען און געלייגט זיי אין א קויש אריין.

— דו ביזט דאך עפעס געווען אמאל א לערנער, טא ווי אזוי געהסט דו עובר זיין אויף א בפירוש'ע לא-תעשה אין דער תורה, אויף דעם לאוו „לא תגנובו"? — האט דער בעל-הבית גע-פרענט דעם גנב.

— עס איז אבער דא — ד'האט דער פיפיגער געוועזענער ישיבה-בחור געענטפערט — אין דער תורה א מצוה-עשה: „כי תבוא בכרם רעך ואכלת", און, כידוע, איז אן עשה דוחה א לא-תעשה...

— עם-הארץ! עס שטעהט דאך אבער ביי „דיין" מצות-עשה: ואל כליך לא תתן! — האט דער בעל הכרם זיך צעשרי-גען. דער ישיבה-בחור האט גאנץ געלאסען געענטפערט:

— עס שטעהט: „אל כליך" — אין דיין כלי טארסט דו נישט אריינלייגען די וויינטרויבען און נאט אייך זעהט, צי אט דער קויש איז נישט אייערס?...

# אַן עצה צו אַן ארורה

וכתב לה ספר כריתות (כ"ד, א׳).

צום בעוואוסטען גאון ר׳ יונתן אייבערשיץ איז געקומען אמאָל זיך גט׳ען א פּאָר-פאלק נישט לאנג נאך זייער חתונה.

— פאר וואס געהסט דו זיך גט׳ען? — האט זיך דער גאון געווענדעט צום מאן.

— ווייל פון זייט דער חתונה אָן פערביטערט זי, די ארורה מיר כסדר דאס לעבען!

— עס איז דאך אָבער נישט מענשליך — ד״האט דער רב געפּרובט שלום מאכען צווישען פּאָר-פאלק — צו גט׳ען זיך מיט׳ן ווייב באלד אין ערשטען יאהר נאך דער חתונה. — פּרוב אומ-צוגעהן מיט איהר מיט גוטען און גיב איהר נאך אלע איהרע פערלאנגען, אפשר וועט זי בעסער ווערען.

— איך האב שוין אויך דאס געפּרובט, רבי, און עס האט גאר נישט געהאלפען: זי איז געבליבען די אייגענע וואס פריהער!

— טא געה-זשע אום מיט איהר מיט בייזען — האט דער רב איינגערוימט שטיל דעם מאן, — נעם א מקל און ברעך איהר די ביינער ווען זי וועט דיך אנהויבען צו דאקוטשען.

צו וואס טויג מיר אבער די אלע עקספּרימענטען און נסיונות, אז די תורה הייסט גאנץ פּראסט: וכתב לה ספר כריתות — האט דער מאן זיך אבגערופען צום רב.

— אין די ווערטער „ספר כריתות" איז אבער אויך דא א רמז אויף די עצה, וואס איך האב דיר ערשט געגעבען — האט דער רב געזאגט.

— ווי אזוי?

— דער טייטש פון ספר כריתות איז, — ד״האט דער רב

גענטפערט: — די זאלסט צושניידען און צערטיילען דאס ווארט „ספר״ וואס בעטרעפט, כידוע, 340 אויף דער העלפט. ד. ה., אויף דעם מספר 170, וואס באטרעפט פונקט „מקל״...



# פרשת כי תבא

## צופיעל געריהמט די סחורה

ארץ זבת חלב ודבש. (כ"ו, ט')

אין דער היינטיגער סדרה געפינט זיך נישט וועניגער ווי דריי מאָל דער אויסדריק: „ארץ זבת חלב ודבש". אַ פאָלקס-ווערטעל זאָגט דעריבער, דאָס ווען אַ קרעמער לויבט פיעל מאָל זיין סחורה פאַרן קונה, איז אַ סימן, אז זי איז נישט אין גאנצען אין אָרדנונג...

## אַ קלוגער פותר חלום

בערתי הקדש מן הבית (כ"ו, י"ג).

א יוד האט אין חלום עטליכע נעכט כסדר געהערט רופען אויף זיך דעם צונאמען „בהמה". איז ער געגאנגען צום רב פון זיין שטאדט, וואס איז געווען אגדול און א צדיק, ער זאל איהם פותר חלום זיין.

דער רב האט איהם געפרעגט:

— האסט דו נישט אמאל לעצטענס פערקויפט פון זיין שטיב אַ תשמיש קדושה (א הייליגע זאך)?

— יא רבין איך האב פאר עטליכע טעג צוריק פערקויפט פאר שעהן געלד א ספר-תורה, וואס איך האב געהאט בירושה נאך פון מיין עלטער-זיידען — האט געענטפערט דער יוד.

— טא האט מען דיך — האט געזאגט דער רב — גאנץ ריכטיג אגגערופען „בהמה", ווייל בהמה מאכט אויף ראשי-תיבות: בערת הקדש מן הבית...

## די פיער פתח'ען

ובקדחת (כ"ח, צ"ב).

ס'איז דא א יודישע קללה: עס זאל אויף דיר קומען די פיער פתח'ען (ובקדחת)...

## א שאלה וועגען קדחת

ובקדחת

דער דובנער מגיד איז אמאל אריינגעקומען צו א זעהר רייכען יודישען דאקטאר, א קמצן, און פערלאנגט פון איהם א נדבה.

— צו ווייסט איהר דען נישט, רבי, אז דער, וואס איז א נעמער קאן נישט זיין קיין געבער?—האט צום מגיד דער דאקטאר שפאטיש געזאגט.

— טא זייט-זשע אזוי גוט און פערענטפערט מיר א מעדי-צינישער שאלה, וואס איך וועל אייך פרעגען.

— דהיינו ?

— כידוע, טאר נישט עסען קיין פיש אזעלכער, וואס איז קראנק אויף קדחת. טא ווי איז דער דין, ווען איינער שטארבט אויף קדחת, צו וועט ער בשעת תחית-המתים מעגען עסען פון לויתן ?

— איך ווייס נישט צו ענטפערען אויף א זעלכע נארישע שאלות. אפשר ווייסט איהר יא, טא ביטע זאגט!

— יא! איך וועל אייך זאגען! — האט געענטפערט דער

מגיד. — גיעט איינער ביים לעבען א סך צדקה אזוי, דאס, שטארבענדיג לאזט ער נאך זיך איבער א קדחת, נישט קיין געלד, דער וועט מעגען עסען פון לויתן; דער אבער, וואס לאזט איבער אויף דער וועלט זיין גאנץ פערמעגען און אליין נעמט ער מיט זיך מיט א קדחת, דער וועט, זעהט איהר, בעשטימט פון לויתן נישט טארען עסען...

## לעהרערליי — א קללה אין דער תוכחה

אלך ה׳ אותך... אל גוי אשר לא ידעת (כ״ח, ל״ו).

א העבראישער לעהרער האט זיך בעקלאגט פאר זיינס א רבי, דאס ער דארף געהען אין די הייזער געבען לעקציעס צו זיינע תלמידים, די גוים גמורים, ביי וועלכע ער האט שוין זיין הארץ גע׳פטר׳ט.

וואלט איך זיך חאטש געהאט ארויפגעארבעט — האט דער לעהרער ווייטער געזאגט — ווי מיין קאליעגע X, צו וועמען די תלמידים קומען א היים צו איהם אין שטיב ווען ער אליין דארף נישט קריכען שטונדען געבען אין די הייזער!

אסור, — האט איהם געענטפערט זיין קלוגער רבי — אויב דו דארפסט מקנא צו זיין דיין קאליעגע X, ווייל איהם איז אויך, דאכט זיך נישט בעסער פאר דירן א ראיה: דאס ביידע ערע ביידע מנהגים שטעהען אויסגערעכענט אלס קללות אין דער תוכחה אין פרשת כי תבא.

— דהיינו?

— דיין מנהג צו געבען שטונדען אין פרעמדע הייזער, איז מרומז אין פסוק: אלך ה׳ אותך אל גוי אשר לא ידעת אתה ואבותיך — גאָט וועט דיך פיהרען צו א גוי, וואס דיין עלטער-זיידע האט איהם נישט געקענט.

אויף דעם מנהג פון דיין קאליעגע (אנצונעמען לעקציעס

ביי זיך אין דער היים), איז ווייטער דא א רמז אין פסוק (דברים כ"ח, מ"ט): ישא ה' עליך גוי מרחוק — גאט וועט דיר צוטראגען א גוי פון דער ווייטענס...

## א בשמחה'דיגער אפיקורס

תחת אשר לא עבדת את ה' אלקיך (כ"ח, מ"ז).

צו איז ווירקליך אזא גרויסע עבירה דאס דיענען גאט נישט-בשמחה?

— נאר דער טייטש איז אזוי: דער רבונו של עולם זאגט צום יוד: עס פערדריסט מיך שוין נישט אזוי שטארק דאס, וואס דו דהאסט מיך נישט געדיענט, אבער פארוואס שטאלצירסט דו נאך אזוי שטארק און ביזט צופריעדען מיט דיין גאטלאזיגקייט?...

(ספר „תיבת גמא" פון „פרי מגדים")



# פרשת נצבים

## נישט קיין שלעכטער תירוץ

ראשיכם שבטיכם זקניכם ושוטריכם (כ״ט, א׳)

א מגיד, א גרויסער מפלפל, האט אמאל אנגעהויבען זיין דרשה אין בית-המדרש מיט די ווערטער:

— עס שטעהט אין חומש: אתם נצבים היום כולכם ראשיכם שבטיכם זקניכם ומלכיכם, ד. ה. איהר אלע שטעהט דא היינט: אייערע עלטסטע, אייערע שבטים, אייערע זקנים און אייערע מלכים. איז דאך דא שווער א הארבע קשיא: ווי אזוי שטעהט דא „מלכיכם״ — אייערע מלכים, בעת אין מדבר האבען דאך יודען קיין מלכים נישט געהאט?

נאר דער תירוץ איז: דער אלשיך הקדוש זאגט...

אבער אינמיטען, ווי דער מגיד וויל זאגען ווייטער דעם תירוץ, רייסט איהם איבער איינער פון בית-המדרש און זאגט:

— מגיד! עס איז דאך כלל קיין קשיא נישט, ווארום אין פסוק שטעהט דאך אינגאנצען נישט דערמאנט דאס ווארט „מלכיכם״!

— אזוי? — האט זיך אבגערופען דער מגיד אביסעל פערוואונדערט, — עס שטעהט נישט, זאגט איהר, אין פסוק דאס ווארט „מלכיכם״? נו, דאס איז אפשר נישט קיין שלעכטער תירוץ! נאר מען קען זאגען נאך א תירוץ: דער אלשיך הקדוש

זאגט... און דא האט דער מגיד געגומען פערענטפערען מיט א פלפול די דאזיגע קשיא...

## דער מוח איז א גרוב

הנסתרות ל״ה אלהינו (כ״ט, כ״ח)

דער קאצקער רבי, ווען ער איז צוגעקומען צו דעם פסוק, האט ער געזאגט: איך וואלט אויף קיין פאל נישט געוואלט דינען אזא גאט, וועמענס דרכים און מעשים וואלטען געווען פערשטענדליך דעם שטערבליכען מענש.

א יוד א מאמין דארף שטענדיג געדענקען דאס, וואס די תורה זאגט: הנסתרות ל״ה אלהינו!

דערביי האט דער קאצקער רבי דערצעהלט די מעשה:

א גריכישער פילאזאף, א סקעפטיקער, האט אמאל געהאט א דיספוט מיט א יוד א מאמין מכח אמונה ענינים. דער פילאזאף האט גע׳טענה׳ט, דאס ער גלויבט נישט, אז עס איז דא א מנהיג-העולם, דערפאר, וואס די התנהגות פון דער וועלט איז נישט קיין גערעכטע און איז אין קאנטראקט צו אלע פרינציפען פון יושר און אמת.

דער יוד האט אוועקגעפיהרט דעם פילאזאף צום ברעג פון ים און האט הארט ביים ברעג גענומען גראבען א גרוב.

נאך וואס גראבסט דו דעם גרוב? — האט דער פילאזאף געפרעגט דעם יוד.

— איך וויל אבציהען דאס גאנצע וואסער פון ים אין דעם גרוב אריין! — האט דער יוד געענטפערט.

צו ביזט דו משוגע צו חסר-דעה? ווי אזוי וועט דאס גאנצע וואסער פון אזא גרויסען ים קאָנען אריין אין אזא קליין גריבעלע? — האט געפרעגט פערוואונדערט דער פילאזאף.

— און ווי אזוי ווילסט דו, פילאזאף, אריינפאקען גאטס אלע מעשים און הנהגות אין דיין קליינעם מוח'ל אריין? — האט דער מאמין, טריאומפירענדיג, צוריק געפרעגט...

## אנ'איינפאל פון אנ'אפיקורס.

ושבת עד ה' אלקיך. (ל', ב').

אנ'אפיקורס איז אמאל געפעהרליך קראנק געווארען אזוי דאס די דאקטוירים האבען איהם שוין מייאש געווען. אין זיינע כלומר'שטע לעצטע מינוטען האט זיך דער קראנקער פונאנדער געוויינט און גענומען זיך קלאפען אין הארצען און זאגען ווידוי.

אויף צו להכעיס אבער די דאקטוירים האט זיך פלוצים זיין געזונד-צושטאנד גענומען בעסערען און דער קראנקער איז גענצליך געזונד געווארען.

ווען דער אפיקורס האט זיך בעוויזען אין דער גאס, האט דער עולם גענומען פון איהם אב'חוזק'ען:

— אזא וועלט-אפיקורס ווי דו דערשרעקט זיך פאר'ן מלאך המות און ווערט א חוזר בתשובה?

— תשובה? — האט דער אפיקור'ס געענטפערט — עס הויבט זיך נישט אן! איך האב מיט מיין ווידוי זאגען נאר געוואלט אויסווייזען, אז דאס, וואס די גמרא זאגט: „רשעים אפילו על פתחו של גיהינום אינם חוזרים בתשובה" איז, במחילה, א גרויסער ליגען!...

## אין משיח'ס צייטען.

ושבת בכל לבבך ובכל נפשך. — ל', ב').

פאר וואס שטעהט נישט דא אויך „ובכל מאדך" פונקט אזוי ווי אין פרשת ואתחנן (ו', ה'). וואו עס שטעהט דארטען: בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך?

— ווייל ובכל מאדך איז דער טייטש: מיט דיין גאנץ געלד, און דאָ רעדט זיך דאך וועגען די ימות המשיח, אזוי ווי עס שטעהט ווייטער: „ושב וקבצך מכל העמים", וואס אויף די די צייט זאגט די גמרא: „אין בן דוד בא עד שתכלה פרוטה מן הכיס" — ווען משיח וועט קומען, וועט קיינער דעמאלט קיין פעניג נישט פערמאגען, קען דאך דערפאר שוין נישט שטעהן דא: ובכל מאדך...

# א קלוגע ברכה

את החיים ואת הטוב את המות ואת הרע (ל', ט"ו).

דער בעוואוסטער גאון ר' אבוש'ל פון פראנקפורט אם מיין האט אמאל געפרעגט ביי זיך אין בית-דין-שטוב א פראנקפורטער גביר, א גרויסען קמצן, פארוואָס ער גיט נישט קיין צדקה. דער גביר האט זיך פערענטפערט:

— איך האב מורא, טאמער וועל איך מאריך ימים זיין און ווען איך וועל אנהויבען איינטיילען מיין געלד אויף צדקה, קען מיר דערנאך נאך אמאָל אויספעהלען.

אינצווישען איז א פאר-פאלק אריינגעקומען צום רב אויף א דין-תורה. דאס ווייב האט גע'טענה'ט:

— איך בין געקומען צום רב פערקלאגען מיין מאן דער-פאר, וואס ער איז געווארען א גרויסער בעל-צדקה און מאכט א תל פון אונזער פערמעגען!

דער מאן ווידער האָט זיך פערענטפערט:

— איך האב מורא טאמער שטארב איך היינט-מאָרגען, וויל איך מיך בעזארגען מיט וואס צו קומען אויפן עולם האמת.

דער רב האט זיך געווענדעט צו זיינע צוויי בעלי-בתים און האט צו זיי אזוי געזאגט:

— איך גיב אייך ביידע איין ברכה: גאט זאל אייך פער-היטען פון דעם, וואס איהר שרעקט זיך!...

# פרשת וילך

## יודען געהען דעמאלט צו סליחות

— פאַרוואס הייסט עפעס די סדרה „וילך"?

— ווייל אין דער וואך, ווען עס פאלט אויס די סדרה „וילך", „געהען" דעמאלט די יודען צו סליחות...

## ביישט געטראָפען

א יוד, אנ'אקסענהענדלער, איז אמאל געקומען צום בע-וואוסטען רבין ר' מאיר'ל פרימישליאַנער, און איהם געפרעגט אנ'עצה: צו ער זאל דעמאלט פיהרען צו פערקויפען זיינע אָקסען קיין ווין אויפ'ן יריד?

— דהיינט — האט געענטפערט ר' מאיר'ל — געהט די סדרה נצבים. וואס בעדייט שטעהען, איז עס דערפאר א סימן, אז דו זאלסט „שטעהען" און בלייבען אין דער היים. די אנדע-רע וואך וועט געהען די סדרא „וילך", וואס בעדייט „געהען", וועסט דו, אם ירצה השם, דעמאלט פאהרען קיין ווין און וועסט דערביי אויך מצליח זיין!

דער סוחר האט געפאלגט ר' מאיר'לען און האט אָבער געהאַט א גרויסען דורכפאל, ווייל די צוויטע וואך איז שטארק געפאלען דער פרייז פון אָקסען און דער סוחר האט צוגעלעגט א סך געלד. איז דער סוחר געקומען צום רבי'ן און זיך בעקלאגט:

— רבי, איך האב געהארכט אייער עצה און דערביי פערלוירען מיין גאנץ פערמעגען.

— וואס ווילסט דו פון מאיר'ן — האט דער רבי געענט־פערט — נישט ער און נישט זיינע אבות אבותיו האָבען אמאָל געהאנדעלט מיט בהמות...

* * *

וילך משה (ל"א, א').

עס איז דא אַ מדרש פליאה: אין וילך אלא לשון תוכחה, ד. ה. אז אומעטום, וואו עס שטעהט אין דער תורה דאס וואָרט „וילך", איז עס אַ סימן, אז מען האט דארט געשטראָפט און גע־מוסר'ט די יודען.

האבען זיך נעבעך דעריבער זעהר פיעל רבנים גע'חק־רענט און מיט שארפזיניגע פלפולים געפרובט צו דערקלערען דעם מדרש פליאה. אָבער ליידער, ווי עס זאָגט זיך, „העלו דורס בידם" — זייערע ערקלערונגען האבען זיך נישט געלעגט אויפ'ן שכל.

ווען מען האט דעם בעוואוסטאן גאון, ר' אייז'ל דוריף געפרעגט דעם דין פון דעם מדרש פליאה, האט ער געענטפערט:

— די כונה פון דעם מדרש איז, דאכט זיך גאר פראָסט און קלאָר: אין וילך אלא לשון תוכחה — שטענדיג ווען יודען הערען, אַז דער רב אָדער דער מגיד הויבט זיי אן אינמיטען דער דרשה צו שטראפען און מוסר'ן, אנטלויפען זיי דאן גלייך ארויס פון בית־המדרש...

* * *

ועתה כתבו לכם את השירה הזאת (ל"א, י"ט).

פארוואס הייסט עפיס די תורה אויך „שירה" — א געזאנג?

— ווייל זינט די יודעלעך האבען מקבל געווען די תורה, האבען זיי פון איהר צו „זינגען" און צו זאגען...

# פרשת האזינו

## א רבי׳שע תורה

האזיני השמים ואדברה ותשמע הארץ אמרי פי (ל״ב, א׳).

א רבי האט אמאָל געזאגט אויף דער סדרה האזינו די תורה:

— האזינו — איהר חסידים׳לעך הארכט אויס; השמים ואדברה — ווארום איך געה דא רעדען הימעל־זאַכען; ותשמע — אויב איהר וועט אבער נישט וועלען אויסהערען; הארץ — וועט איהר ליגען ארצה אין דער ערד...

## א טייטש פון אַנ׳איידעם

תדל כטל אמרתי (ל״ב, ב׳).

א יונגערמאַן אנ׳איידעם פון א זעהר שלעכטער שוויגער, האט געטייטשט דעם פסוק: „תדל כטל אמרתי״ — געשוואָלען זאל ווערען ווי אַ באַרג מיין שוויגער. און ער האט דעם טייטש אזוי אויסגעדרונגען: דער פשט פון „תדל״ מוז דאך זיין: געשוואלען זאל ווערען? ווארום וואס דען וועסטו זאגען: מיין שוויגער זאל נישט געשוואָלען ווערען? „כטל״ — ווייסט דאך יעדער איינער איז דער טייטש: „ווי אַ באַרג״ (כטל — אזוי ווי כתל — אַ באַרג) היינט־זשע אמרתי, פערשטעהט זיך, מיינט מען מיין שוויגער. ווארום ווער דען — פרעג איך אייך, — זאל געשוואלען ווערען ווי א באַרג, אויב נישט מיין שוויגער?...

## דער זיידע וועט דיר זאָגען

שאל אביך ויגדך זקינך ויאמרו לך (ל"ב, ד').

אנ'אָסימיליאטאָר, וואס האט נאך געהאט א פרומען טאטען, האט אמאָל איינגעלאדען דעם רב פון זיין שטאדט צו דער פייערונג פון זיין זוהנס קאָנפירמאַציע (בר-מצוה). ווען דער פאָטער איז יוצא זיין, האט געגעבען זיין בר-מצוה בחור א שעהנע פאָר קליינע תפילין, האט דאס יונגעל געפרעגט איהם: פאפא! וואס מאַכט מען דערמיט? דער פאטער, וואס האט שוין לאַנג געהאַט פערגעסען, ווי אזוי מען לעגט תפילין, האט צוגעפיהרט זיין זוהנדעל צו זיין אַלטען טאטען און האט צו איהם געזאגט: פרעג דעם גרויס-פאָטער, וועט ער דיר זאָגען.

דער איינגעלאדענער רב האט דערויף געזאגט:

— יעצט פערשטעה איך דעם פסוק: שאל אביך — ווען דו, יונגעלע וועסט פרעגען דעם פאטער; ויגדך — וועט ער דיר זאגען: זקניך ויאמרו לך — געה צום זיידען וועט ער דיר זאגען...

## פערקעהרט ווי אין דער תורה שטעהט

וישמן ישרון ויבעט (ל"ב, ט"ו).

יודען דערצעהלען, אז ר' ישראל סאלאנטער, זייענדיג אמאָל אין פראנקפורט אם מיין, איז פערבעטען געווארען דורכ'ן דאָרטיגען פרומען באַראָן ראטשילד צו בעזוכען זיין הויז. נאכדעם, ווי דער באראן, וואס האט, כידוע, שטענדיג געאכטעט רבנים און תלמידי-חכמים האט איהם דורכגעפיהרט אין אַלע זיינע צימערען פון זיין פאלאץ און געוויזען איהם, אז אלץ פיהרט זיך אין זיין הויז אויפ'ן עכט-יודיש-רעליגעזען שטייגער האט ער ר' ישראל'ן געפרעגט, וואס ער זאגט צו זיין התנהגות.

דער רב האט זיך א ווײַלע פערטראכט און געענטפערט:

— זאל עס אייך נישט פערדריסען, וואס איך געפין גאר איין, אז איהר פיהרט זיך אויף אין אייער הויז פונקט פערקעהרט ווי אין דער תורה שטעהט.

— מיט וואס, רבי? — האט פערוואונדערט געפרעגט דער באראָן.

— אט מיט דעם, — האט ר' ישראל מיט א שמייכעל דערקלערט: — אין דער תורה שטעהט: „וישמן ישורון ויבעט" — א יוד אז ער ווערט רייך, בריקעוועט ער און פערגעסט אין גאָט. און בײַ אייך איז פונקט פערקעהרט: אייער גאנץ עשירות, מיט וועלכער גאָט האט אייך געבענשט, האט גאר נישט צום שלעכטען געווירקט אויף אייך. אלץ איז בײַ אייך אין הויז כשר וישר אויפ'ן בעסטען עכט-יודישען אופן. נו, איז עס נישט בײַ אייך פערקעהרט ווי אין דער תורה שטעהט?...

# יעדער נאָמען שטעהט אין דער תורה

אפאיהם אשביתה מאנוש זכרם (ל"ב, כ"ו).

דער רמב"ן (רבינו משה בן נחמן) האט געהאט א תלמיד מיט'ן נאמען „אבנר", וואס האט זיך געטויפט און דערנאך כסדר עולה לגדולה געווען, ביז ער איז געווארען מיניסטער בײַם שפאנישען קעניג. ווי דער שטייגער איז: „כל המיצר לישראל נעשה ראש", ווערענדיג גרויס, האט ער גענומען שטארק פײַני-גען און רודפ'ן יודען. איינמאל אום יום-כפור האט ער געשיקט נאך זיין געוועזענעם רבי'ן, דעם רמב"ן און כדי איהם מצער צו זיין, האט ער פאר זיינע אויגען אין הייליגסטען טאג פאר יודען גע'הרג'עט א חזיר, עס געבראטען און געגעסען.

ער האט זיך דעמאלט גענומען רייצען מיט'ן רמב"ן און האט איהם געפרעגט:

— רבי, איהר האט דאך אמאל געהאט געזאגט, אז יעדער נאמען פון א יוד איז מרומז אין דער תורה, טא וואו שטעהט דארטען מיין נאמען דערמאנט?

דער רמב"ן האט איהם געענטפערט: — דיין נאמען „אבנר" שטעהט דערמאנט אין פסוק פון האזיני: אפאיהם אשביתה מאנוש זכרם, ווארום ווען דו וועסט ארויסנעמען יעדעס דריטע אות פון די פיער ווערטער, וועסטו פון זיי מצרף זיין דעם נאמען אבנר!

— רבי — האט א דערשראקענער דער משומד ווייטער געזאגט צום רמב"ן — איך מוז מודה זיין, דאס איהר זענט גע־רעכט געווען. טא זאגט מיר אויך, צו וועל איך האבען נאך א תקנה, ווען איך וועל חוזר בתשובה זיין?

— איך זעה — האט דער רמב"ן איהם געענטפערט — אז דו האסט שוין פערגעסען אפילו דעם טייטש פון דאזיגען פסוק. ווארום גאט זאגט דא: אמרתי — איך האב איינמאל געזאגט אפאיהם — איך וועל אזעלכע מענשען פערניכטען, אשביתה — מאנוש זכרם — איך וועל אבמעקען זייער אנדענק פון מענשען!

— דער געוועזענער תלמיד פון רמב"ן האט זיך שטארק גענו־מען צום הארצען פון די רייד פון זיין גרויסען רבי. ער איז באלד איינגעזעסען אין א שיפעל אהן א רודער און זיך אזוי גע־לאזען אין ברויזענדען ים, און ביז היינט ווייסט קיינער נישט, וואו זיין געביין איז אהינגעקומען.

(ספר שלשלת הקבלה).



# פרשת וזאת הברכה

## א מחבר גלייך צום רבוש"ע

וזרח משעיר למו הופיע מהר פארן (ל"ג, ב').

רש"י טייטשט, און אזוי שטעהט אויך אין דער גמרא עבודה זרה ב', אז גאט האט אנגעבאטען די בני שעיר און די בני ישמעאל, זיי זאלען מקבל זיין די תורה און זיי האבען נישט געוואלט.

דער באראן יוזעף גינצבורג האט אמאל געמאכט א שטאר-קען פארוואורף א רב, א גרויסען תלמיד חכם, וואס איז צו איהם געקומען, ער זאל קויפען זיינס א נייע געדריקט ספר:

— צו פערשטעהט איהר דען אליין נישט — האט דער באראן זיך געבייזערט אויפ'ן רב — אז איהר זייט מבזה די תורה און מאכט זי ביליג, דערמיט, וואס איהר מחזיר'ט על הפתחים מיט דער תורה און באט זי אן יעדען עם - ארצישען נגיד פאר א פאר גראשען?

— דאס איז אבער כלל נישט קיין בזיון התורה — האט דער קליגער רב געענטפערט - ווייל אויך גאט האט דאס אייגענע געטהון. ער איז — דערצעהלט די גמרא עבודה זרה (ב') — פאר'ן געבען די תורה צו די יודען ארומגעגאנגען מיט איהר צו אלע אומות העולם און אלעמען אנגעבאטען צוצונעמען זי, און דער-פאר איז אזא זאך כלל נישט קיין בזיון.

דער באראן האט זיך פון דעם רב׳ס קלוגען ענטפער שטארק פערשעמט. ער האט איבערגעבעטען דעם מחבר און גע־געבען איהם א שעהנע נדבה.

## א חוטא בפרהסיא

לעיני כל ישראל (ל״ד, י״ב).

די תורה, וואס איהר סיום פייערען מיר אין שמחת תורה, ענדיגט זיך מיט די ווערטער: „לעיני כל ישראל״. דאס זאל זיין א רמז, אז ווער עס זינדיגט „לעיני כל ישראל״ ד. ה. בפרהסיא פאר דעמזעלבען איז שוין געענדיגט די תורה...

